פנחס רודאָי
(פיני בעל-לשון)

# אונזער תורה

און

## אונזערע שענסטע אגדות

פאַר שול און הויז

חומש דברים
(פינפטער טייל)

היברו פאבלישינג קאמפאני
632-34 בראדוויי, ניו יארק
1935

## די עלף סדרות פון דברים:

א) דברים
ב) ואתחנן
ג) עקב
ד) ראה
ה) שופטים
ו) כי תצא
ז) כי תבוא
ח) נצבים
ט) וילך
י) האזינו
יא) וזאת הברכה

---

מעשיות און לעגענדעס פון די מדרשים

---

העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

געווידמעט דעם אָנדענק

פון מיינע עלטערן

**אליהו און פייגע, ז"ל**

# משנה תורה

(איבער׳חזר׳ונג פון דער תורה)

חומש דברים ווערט אָנגערופן ״משנה תורה״.

משה רבנו חזר׳ט דאָ איבער בקצור אַלע דינים פון דער תורה, אַחוץ די דינים פון קרבנות, וואָס זיינען שייך נאָר צו די כהנים.

אין דעמדאָזיקן ספר זיינען אויך פאַראַן אייניקע נייע דינים, וועלכע זיינען אין די פריערדיקע חומשים ניט דערמאָנט געוואָרן, ווי: ״דער דין וועגן יבום״; ״דער דין וועגן גט״; ״דער דין וועגן אָפּגעלייקנטע עדות״ (עדים זוממים); ״דער דין וועגן אַרויסבריינ-גען אַ שם-רע״, און א. וו.

דאָס ספר דברים הויבט זיך אָן מיט די ווערטער פון משה׳ן, ווי ער דערמאָנט די אידן זייערע שלעכטע פירונגען אין דער מדבר, פאַר די אַלע פערציק יאָר פון זייערע וואַנדערונגען; און ער ענדיקט מיט זיינע וואָרנונגען אויף ווייטער, אַז דאָס אידישע פאָלק וועט נאָר דעמאָלט לעבן אין זיכערקייט אין זיין לאַנד, ווען עס וועט זיך פירן לויט די געבאָט פון דער תורה.

״כי היא חייך ואורך ימיך!״

———: :———

# אינהאַלט

## סדרה דברים:



מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה ואתחנן:



מעשיות און לעגענדעס:

## סדרה עקב:



### מעשיות און לעגענדעם:



---

## סדרה ראה:



### מעשיות און לעגענדעם:

## סדרה שופטים:



### מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה כי תצא:

### מעשיות און לעגענדעס:



---

## סדרה כי תבוא:



### מעשיות און לעגענדעס:



---

## סדרה נצבים:

### מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה וילך:



### מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה האזינו:



### מעשיות און לעגענדעס:



## סדרה וזאת הברכה:



### מעשיות און לעגענדעס:

סדרה

# דברים

(ווערטער)

## משה׳ס שטראָף־רייד

דאָס זיינען די ווערטער, וואָס משה האָט גערעדט צו אַלע אידן אויף יענער זייט ירדן, אין מדבר, אין דעם פּלוין, אַקעגן סוף, צווישן פּאָרן און צווישן תופל, און לבן, און חצרות, און די זהב.

און עס איז געווען אין פערציקסטן יאָר, נאָך יציאת־מצרים, אין ערשטן טאָג פון עלפטן חודש, האָט משה גערעדט צו די אידן אַלצ־דינג וואָס גאָט האָט אים באַפוילן פאַר זיי.

אויף יענער זייט ירדן, אין לאַנד מואב, האָט משה באַשלאָסן צו באַשיידן דידאָזיקע תורה, אַזוי צו זאָגן:

— אונזער גאָט האָט גערעדט צו אונז אין חורב אַזוי: גענוג אייך צו זיצן אויף דעמדאָזיקן באַרג! פאַרקערט זיך און ציט אַוועק און קומט צום באַרג פון דעם אמורי, און צו אַלע זיינע שכנים, אין דעם פּלוין, אין דעם געבערג און אין נידערונג, און אין דרום, און ביים באָרטן פון ים, אין לאַנד פון דעם כנעני, און לבנון, ביזן גרויסן טייך פּרת! זעט, איך האָב אייך אַוועקגעגעבן דאָס לאַנד, — קומט און ירש׳ענט דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו אייערע על־טערן, צו אברהמ׳ען, צו יצחק׳ן און צו יעקב׳ן, צו געבן עס זיי און זייערע קינדער נאָך זיי!

* * * *

# די שופטים

און איך האָב געזאָגט צו אייך אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן:

— איך אַליין קאָן אייך ניט טראָגן! אייער גאָט האָט אייך גע־מערט, און איר זיינט היינט אַזויפיל ווי די שטערן אין הימל, — זאָל אייך דער גאָט פון אייערע עלטערן נאָך מערן טויזנט מאָל אַזוי־פיל, און זאָל ער אייך בענטשן אַזוי ווי ער האָט אייך צוגעזאָגט! — ווי קאָן איך אַליין, אָבער, טראָגן אייער טרחה און אייער משאָ (לאַסט) און אייער קריגערייִ? קלייבט אייך אויס קלוגע לייט, פאַר־שטאַנדיקע און באַוואוסטע, לויט אייערע שבטים, און איך וועל זיי מאַכן פאַר אייערע הויפּטלייט!

האָט איר מיר געענטפערט און האָט געזאָגט:

— גוט איז די זאַך, וואָס דו האָסט געהייסן טאָן!

און איך האָב גענומען די עלטסטע פון אייערע שבטים, קלוגע מענטשן און באַוואוסטע, און איך האָב זיי באַשטימט פאַר הויפּט־לייט איבער אייך, — האַרן איבער טויזנט, און איבער הונדערט, און איבער פופציק, און איבער צען, און אויפזעער לויט אייערע שבטים.

און איך האָב באַפוילן אייערע שופטים (ריכטער, די האַרן) אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן:

— איר דאַרפט אויסהערן אַלצדינג, וואָס קומט פאָר צווישן אייערע ברידער, און איר זאָלט משפּט'ן מיט גערעכטיגקייט צווישן איינעם און צווייטן, און צווישן זיין פרעמדן וואָס וואוינט מיט אים. איר זאָלט ניט נושא־פּנים זיין אין אַ משפּט ("תכירו פּנים" דערקענען אַ פּנים הייסט: האָבן אָפּשיי, צוליב טאָן), דעם קלענסטן אַזוי ווי דעם גרעסטן זאָלט איר אויסהערן, איר זאָלט זיך ניט שרעקן פאַר קיינעם, — ווייל דער משפּט איז גאָט'ס! און די זאַך, וואָס וועט שווער זיין פאַר אייך, זאָלט איר ברענגען צו מיר, און איך וועל זי אויסהערן!

און איך האָב אײַך באַפוילן אין יענער צייט אַלע זאַכן וואָס איר דאַרפט טאָן, — צו פאָלגן די שופטים.

* * * *

## די מרגלים

און מיר האָבן אַוועקגעצויגן פון חורב, און מיר זיינען דורכגעגאַנגען יענעם גאַנצן, גרויסן און שרעקליכן מדבר, וואָס איר האָט געזען אויפן וועג צום באַרג פון אמורי, אַזוי ווי גאָט האָט אונז באַפוילן, און מיר זיינען געקומען ביז קדש ברנע.

האָב איך צו אײַך געזאָגט:

— זע, ישראל, דיין גאָט האָט דיר געגעבן דאָס לאַנד; גיי אַרויף און ירש'ע עס, אַזוי ווי גאָט פון דיינע עלטערן האָט גערעדט וועגן דיר; זאָלסט קיין מורא ניט האָבן און זאָלסט זיך ניט שרעקן!

זיינט איר אַלע צוגעקומען צו מיר און האָט געזאָגט:

— לאָמיר פריער שיקן מענטשן און זאָלן זיי פאַר אונז אויסקוקן דאָס לאַנד, און אונז ברייגנען אַ באַריכט וועגן דעם וועג וואָס מיר דאַרפן גיין, און וועגן די שטעט וואָס מיר דאַרפן אַהין אַריינקומען!

איז די זאַך וואוילגעפעלן אין מיינע אויגן, און איך האָב גענומען צוועלף מענטשן פון אײַך, אַ מענטש פון יעדן שבט. און זיי זיינען אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג, און זיי זיינען געקומען ביז צום טאָל אשכול, און זיי האָבן דאָס לאַנד אויסגעקוקט.

און זיי האָבן גענומען מיט זיך פון די פרוכטן פון לאַנד און זיי האָבן אַראָפּגענידערט צו אונז, און זיי האָבן אונז געבראַכט אַ באַריכט און געזאָגט, אַז דאָס לאַנד וואָס גאָט אונזער האַר גיט אונז איז גוט.

האָט איר, אָבער, ניט געוואָלט אַרויפגיין. און איר האָט ווידערשפעניקט אייער גאָט'ס באַפעל, און איר האָט זיך באַקלאָגט אין אייערע געצעלטן, און איר האָט געזאָגט:

— ווייל גאָט האָט אונז פיינט האָט ער אונז אַרויסגעצויגן פון מצרים כדי איבערצוגעבן אונז אין דער האַנט פון אמורי צו פאַר־טיליגן אונז! וואוהין קאָנען מיר אַרויפגיין, אַז אונזערע ברידער, די מרגלים, האָבן געמאַכט אונזערע הערצער צעגיין פאַר שרעק, זאָגנדיק: "דאָס פאָלק דאָרטן איז גרעסער און העכער פון אונז! די שטעט זיינען גרויסע און באַפעסטיקטע ביזן הימל, און אויך די זין פון די ענקים (ריזן) האָבן מיר דאָרטן געזען!"

האָב איך צו אייך געזאָגט:

— איר זאָלט אייך ניט שרעקן און איר זאָלט ניט מורא האָבן פאַר זיי! גאָט, וואָס גייט פאָראויס אייך, ער וועט מלחמה האַלטן פאַר אייך, אַזוי ווי ער האָט געטאָן מיט אייך אין מצרים פאַר אייערע אויגן! און אין מדבר האָט איר דאָך געזען, אַז אייער גאָט האָט אייך געטראָגן, ווי איינער טראָגט זיין קינד, איבער'ן גאַנצן וועג וואָס איר זיינט געגאַנגען, ביז איר זיינט געקומען צו דעמדאָזיקן אָרט! און אין דערדאָזיקער זאַך גלויבט איר ניט אייער גאָט, וואָס גייט פאָר־אויס אייך אין וועג, מיט אַ פייער ביינאַכט צו ווייזן אייך דעם וועג וואָס איר זאָלט גיין, און מיט אַ וואָלקן ביים טאָג, אויסצוקוקן פאַר אייך אַן אָרט פאַר אייער רו!

* * * *

## גאָט׳ס שטראָף

און גאָט האָט געהערט דאָס קול פון אייערע ווערטער, און ער האָט געצערנט, און געשוואָרן, אַזוי צו זאָגן:

— קיינער פון דידאָזיקע מענטשן, פון דעמדאָזיקן שלעכטן דור, וועט ניט זען דאָס גוטע לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו געבן צו אייערע עלטערן. אַחוץ נאָר כלב בן־יפונה, ער וועט יאָ זען, און צו אים און צו זיינע קינדער וועל איך געבן דאָס לאַנד וואָס ער האָט דערויף געטרעטן, ווייל ער האָט געפאָלגט גאָט!

און אויך אויף מיר האָט גאָט געצערנט איבער אייך, אַזוי צו זאָגן:

— אויך דו וועסט אַהין ניט אַריינקומען! יהושע בן־נון, וואָס שטייט פאַר דיר, ער וועט אַהין אַריינקומען. אים זאָלסטו שטאַרקן, וואָרים ער וועט מאַכן ירש׳ענען דאָס לאַנד צו די אידן! און אייערע קליינע קינדער, וואָס איר האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן זיין צו רויב, און אייערע זין, וואָס ווייסן נאָך היינט ניט קיין גוטס און קיין שלעכטס, — זיי וועלן אַריינקומען אַהין, און צו זיי וועל איך דאָס לאַנד געבן, און זיי וועלן עס ירש׳ענען! און איר פּאַרקערט אייך צוריקוועגס און ציט צום מדבר אויפן וועג פון ים־סוף!

* * * *

## די מלחמה מיט׳ן אמורי

האָט איר געענטפערט און געזאָגט צו מיר:

— מיר האָבן געזינדיקט צו גאָט! מיר וועלן אַרויפגיין און וועלן מלחמה האַלטן, אַזוי ווי אונזער גאָט האָט אונז באַפוילן!

און איר האָט אָנגעגורט איטליכער זיין געווער (כלי מלחמה; כלי־זיין), און איר האָט געוואַגט אַרויפצוגיין אויפן באַרג.

האָט גאָט געזאָגט צו מיר:

— זאָג זיי: "איר זאָלט ניט אַרויפגיין און ניט מלחמה האַלטן, וואָרים איך בין ניטאָ צווישן אייך, און איר זאָלט ניט געשלאָגן ווערן פאַר אייערע פיינט!"

און איך האָב גערעדט צו אייך, אָבער איר האָט מיך ניט צוגע־הערט. און איר האָט ווידערשפּעניגט גאָט׳ס באַפעל, און איר האָט געמוטוויליקט און זיינט יאָ אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג.

איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגן אייך דער אמורי, וואָס איז געזעסן אין יענעם באַרג, און זיי האָבן אייך נאָכגעיאָגט, אַזוי ווי בינען טוען, און זיי האָבן אייך צעשלאָגן אין שעיר ביז חרמה.

און איר האָט זיך אומגעקערט און האָט געוויינט פאַר גאָט, אָבער גאָט האָט ניט צוגעהערט אייער קול און האָט ניט צוגעלעגט קיין אויער צו אייך. און איר זיינט געבליבן זיצן אין קדש, אַזוי לאַנג ווי איר זיינט געזעסן.

*  *  *  *

## אדום, מואָב און עמון

און מיר האָבן זיך פאַרקערט און האָבן געצויגן צום מדבר, אויפן וועג פון ים־סוף, אַזוי ווי גאָט האָט צו מיר גערעדט, און מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום באַרג שעיר אַ לאַנגע צייט.

און גאָט האָט צו מיר געזאָגט אַזוי:

— גענוג אייך אַרומצודרייען זיך אַרום דעמדאָזיקן באַרג; פאַר־קערט קיין צפון! און דעם פאָלק באַפעל אַזוי: איר גייט דורך אין גרעניץ פון אייערע ברידער די בני־עשו, וואָס זיצן אין שעיר, און זיי וועלן מורא האָבן פאַר אייך, — זאָלט איר זיין זייער אָפּגעהיט. איר זאָלט זיי ניט אָנרייצן צו קיין קריג, וואָרים איך וועל אייך ניט געבן פון זייער לאַנד אַפילו ביז אַ פוסטריט די גרויס, ווייל דעם באַרג שעיר האָב איך אַוועקגעגעבן אַלס ירושה צו עשו'ן. עסנוואַרג זאָלט איר פון זיי קויפן פאַר געלט, און אויך וואַסער זאָלט איר פון זיי קויפן פאַר געלט. וואָרים אייער גאָט האָט אייך געבענטשט מיט אַלצדינג, ער האָט געוואוסט וואָס איר דאַרפט האָבן, גייענדיק אין דעמדאָזיקן גרויסן מדבר. שוין פערציק יאָר, אַז איר גייט דאָרט און גאָט איז מיט אייך, עס פעלט אייך קיין זאַך ניט!

און מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען פון אונזערע ברידער, די בני־עשו, וואָס זיצן אין שעיר, פונם וועג פון פלוין, פון אילת און עציון גבר, און מיר האָבן זיך פאַרקערט און אַוועקגעגאַנגען אויפן וועג פון מדבר־מואָב.

האָט גאָט צו מיר געזאָגט:

— זאָלסט ניט ענג מאַכן (פיינטליך באַגיין זיך) מואָב'ן, און דו

זאָלסטו זיי ניט אָנרייצן צו קיין קריג, וואָרים איך וועל דיר ניט געבן פון זיין לאַנד קיין ירושה, ווייל צו די בני-לוט האָב איך אָוועקגע-געבן ער פאַר אַ ירושה. אַצינד שטייט אויף און גייט אַריבער דעם טייך זרד!

זיינען מיר אַריבערגעגאַנגען דעם טייך זרד. און די צייט, זינט מיר זיינען געגאַנגען פון קדש ברנע ביז מיר זיינען אַריבער דעם טייך זרד, האָט געדויערט אַכט-און-דרייסיק יאָר, ביז דער גאַנצער דור, די מלחמה-מענטשן, האָבן זיך אויסגעלאָזט פון צווישן דער מחנה, אַזוי ווי גאָט האָט זיי געשוואָרן. און אויך גאָט'ס האַנט איז געווען אין זיי צו פאַרטיליקן זיי דורך מגפות, ביז אַלע זיינען אויס-געשטאָרבן.

און דאַמאָלט האָט גאָט גערעדט צו מיר, אַזוי צו זאָגן:

— דו גייסט היינט אַריבער דעם גרעניץ פון מואָב, און דו וועסט קומען נאָענט אַקעגן די בני-עמון, זאָלסטו זיי ניט ענג מאַכן און זיי ניט אָנרייצן צו קיין קריג, וואָרים איך וועל דיר ניט געבן פון זייער לאַנד קיין ירושה, ווייל איך האָב עס אַוועקגעגעבן צו די בני-לוט אַ ירושה.

* * * *

## די מלחמה מיט סיחון

— שטייט אויף, ציט אַוועק, און גייט אַריבער דעם טאָל אַרנון! זע, איך האָב אין דיין האַנט געגעבן סיחון מלך-חשבון, דעם אמורי און זיין לאַנד. הייב אָן צו ירש'ענען אים און רייץ אים אָן צו קריג! היינטיקן טאָג וועל איך אָנהייבן צו וואַרפן דיין שרעק און דיין מוראָ אויף די פעלקער אונטערן גאַנצן הימל, אַז זיי וועלן נאָר הערן וועגן דיר, וועלן זיי ציטערן פאַר דיר!

און איך האָב געשיקט שלוחים פון מדבר קדמות צו סיחון מלך-חשבון מיט ווערטער פון שלום, אַזוי צו זאָגן:

— לאָז מיך דורכגיין דורך דיין לאַנד! נאָר אויף דעם אויסגע-

טראָטענעם וועג וועל איך גיין; איך וועל זיך ניט אָפּקערן רעכטס אָדער לינקס! עסנוואַרג וועסטו מיר פאַרקויפן פאַר געלט און איך וועל עסן, און וואַסער וועסטו מיר פאַרקויפן פאַר געלט און איך וועל טרינקען, — איך וויל בלויז דורכשפּאַנען מיט מיינע פיס, (אָבער מיט מיינע הענט גאָרניט אָנרירן), — אַזוי ווי עס האָבן געטאָן צו מיר די בני־עשו אין שעיר, און די מואָבים אין ער, — ביז איך וועל אַרי־בערגיין דעם ירדן צום לאַנד וואָס אונזער גאָט גיט אונז!

אָבער סיחון מלך־חשבון האָט אונז ניט געוואָלט דורכלאָזן דורך זיין לאַנד, ווייל דיין גאָט האָט האַרט געמאַכט זיין געמיט און שטאַרק געמאַכט זיין האַרץ, כדי ער זאָל אים געבן אין דיין האַנט אַזוי ווי היינטיקן טאָג!

און גאָט האָט געזאָגט צו מיר:

— זע, איך האָב איבערגעגעבן סיחון און זיין לאַנד צו דיר, הייב עס אָן צו ירש'ענען!

איז סיחון מיט זיין גאַנצן פאָלק אַרויסגעגאַנגען אַקעגן אונז אויף מלחמה קיין יהץ. און אונזער גאָט האָט אים איבערגעגעבן פאַר אונז, און מיר האָבן געשלאָגן אים און זיינע זין און זיין גאַנץ פאָלק. און מיר האָבן איינגענומען אַלע זיינע שטעט אין יענער צייט, און מיר האָבן פאַרוויסט יעדע שטאָט, מענער און ווייבער און קליינע קינ־דער, — מיר האָבן ניט געלאָזט קיין איבערבלייב (שריד), נאָר די בהמות האָבן מיר גערויבט פאַר זיך, און אויך דעם זאַקרויב פון די שטעט, וואָס מיר האָבן איינגענומען.

פון ערוער, וואָס ביים ברעג טאָל אַרנון, און די שטאָט וואָס אין טאָל, ביז גלעד, איז ניט געוועזן קיין שטאָט וואָס זאָל געוועזן זיין שטאַרקער פון אונז. אַלץ האָט אונזער גאָט איבערגעגעבן צו אונז.

נאָר צום לאַנד פון די בני־עמון ביזטו נאָענט ניט צוגעקומען צו מלחמה האַלטן; צום גאַנצן ברעג פון טייך יבוק און די באַרג־שטעט, און אומעטום וואו אונזער גאָט האָט באַפוילן ניט צו מלחמה האַלטן.

* * * *

# די מלחמה מיט עוג

און מיר האָבן זיך פאַרקערט און זיינען אַרויפגעגאַנגען אויפן וועג פון בשן. איז עוג מלך־הבשן מיט זיין גאַנצן פאָלק אַרויסגע־גאַנגען אַקעגן אונז אויף מלחמה קיין אדרעי.

האָט גאָט געזאָגט צו מיר:

— דו זאָלסט פאַר אים ניט מורא האָבן, וואָרים אין דיין האַנט האָב איך געגעבן אים און זיין גאַנץ פאָלק און זיין לאַנד. און דו זאָלסט טאָן צו אים, אַזוי ווי דו האָסט געטאָן צו סיחון מלך־האמורי פון חשבון!

און אונזער גאָט האָט איבערגעגעבן אין אונזערע הענט אויך עוג מלך־הבשן און זיין גאַנץ פאָלק, און מיר האָבן אים געשלאָגן ביז ניט צו לאָזן פון אים קיין איבערבלייב, און מיר האָבן איינגענומען אַלע זיינע שטעט אין יענער צייט. ניט געווען קיין איין שטאָט, וואָס מיר האָבן פון זיי ניט צוגענומען. זעכציק שטעט פונם גאַנצן געגנט אַרגוב; דידאָזיקע אַלע שטעט זיינען געווען באַפעסטיקטע מיט הויכע מויערן מיט טויערן און ריגלען, אַחוץ אָפענע שטעט זייער אַסך.

און מיר האָבן זיי פאַרוויסט, אַזוי ווי מיר האָבן געטאָן צו סיחון מלך־חשבון, — פאַרוויסט יעדער שטאָט, מענער און ווייבער און קליינע קינדער, נאָר די בהמות און דעם זאַקרויב האָבן מיר גע־רויבט פאַר זיך.

און מיר האָבן צוגענומען אין יענער צייט דאָס לאַנד פון די צוויי מלכים פון אמורי, וואָס אויף דער זייט ירדן, פונם טאָל אַרנון ביזן באַרג חרמון. אַלע שטעט פון דעם פלאַכלאַנד, און גאַנץ גלעד, און גאַנץ בשן, די שטעט פון עוג׳ס קעניגרייך.

וואָרים נאָר עוג מלך־הבשן איז איבערגעבליבן פון די איבעריקע ריזן: אָט זיין בעט, (זיין אָרון, קאָפּפּין) וואָס איז פון אייזן, איז דאָך אין רבה פון די בני־עמון, און עס איז ניין איילן די לענג און פיר איילן די ברייט.

און דאָסדאָזיקע לאַנד האָבן מיר גע׳ירש׳ענט אין יענער צייט. פון ערוער, ביים טאָל אַרנון, און אַ העלפט פון באַרג גלעד מיט זיינע שטעט האָב איך געגעבן צו די שבטים ראובן און גד, און דעם איבע־ריקן טייל פון גלעד, און גאַנץ בשן, האָב איך געגעבן צום האַלבן שבט מנשה.

* * * *

## דער תנאי מיט די צוויי און אַ האַלב שבטים

און איך האָב אייך (ראובן, גד און האַלב שבט מנשה) באַפוילן אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן:

— אייער גאָט האָט אייך געגעבן דאָסדאָזיקע לאַנד צו ירש׳-ענען, זאָלט איר, אַלע מלחמה-מענטשן, אַריבערגיין באַוואָפנטע פאַר אייערע ברידער, די בני-ישראל. נאָר אייערע ווייבער און קליינע קינדער און אייער פי זאָלן בלייבן זיצן אין אייערע שטעט, וואָס איך האָב אייך געגעבן. ביז גאָט וועט מאַכן רוען אייערע ברידער, אַזוי ווי אייך, און אויך זיי וועלן ירש׳ענען דאָס לאַנד, וואָס אייער גאָט גיט זיי אויף יענער זייט ירדן, — דאַמאָלט וועט איר זיך אומקערן אַהיים, איטליכער צו זיין ירושה, וואָס איך האָב אייך געגעבן!

און יהושע׳ן האָב איך באַפוילן אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן:

— דיינע אויגן האָבן געזען אַלץ וואָס גאָט האָט געטאָן צו די־דאָזיקע צוויי מלכים, אַזוי וועט ער טאָן צו אַלע קעניגרייכן, וואוהין דו גייסט אַריבער. דו זאָלסט ניט מורא האָבן פאַר זיי, וואָרים אייער גאָט האַלט מלחמה פאַר אייך!

—————:׃—————

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## משה און זיין בילד

משה׳ס נאָמען איז באַוואוסט געוואָרן אין אַלע לענדער און צווישן אַלע פעלקער, נאָכדעם ווי ער האָט אָרויסגענומען די אידן פון מצרים. אומעטום פלעגט מען דערציילן די גרויסע וואונדער וואָס ער האָט באַוויזן אַלס שליח פון גאָט און פירער פון די אידן.

האָט אַ קעניג פון ערב געוואָלט זען, ווי דער באַרימטער משה קוקט אויס, און ער האָט געשיקט איינעם פון זיינע בעסטע מאָלער אין דעם מדבר אריין, אַז ער זאָל דאָרטן מאַכן אַ פּינקטליך בילד פון אים.

אַ לאַנגע צייט האָט דער מאָלער געוואַנדערט אין וויסטן מדבר. זיין לעבן איז שטענדיק געווען אין סכנה, ביז ער האָט דערגרייכט די אידישע מחנה. און מיט גרויס מי איז אים געלונגען צו מאָלן משה׳ס בילד, און ער האָט עס געבראַכט צום קעניג, דערוואַרטענדיק אַ גרויסע מתנה.

אָבער ווען דער קעניג האָט דערזען דאָס בילד, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרן אויפן מאָלער, און ער האָט צו אים געזאָגט:

— ווי וואַגסטו מיך אָפּצונאַרן! דער מאַן פון וועמען דו האָסט דאָס בילד געמאָלן קאָן ניט זיין דער באַרימטער משה, נאָר עפּיס אַ מדבר־רויבער! די שטריכן פון זיין פּנים ווייזן דאָך ווי פאַרדאָרבן אַט דער מאַן מוז זיין!...

דער מאָלער האָט זיך געשוואָרן און האָט פאַרזיכערט דעם קע־ניג, אַז ער האָט זיך פאַר קיין שום געפאַר ניט אָפּגעשטעלט, אַבי ער

זאָל קאָנען טאָן זיין באַפעל און צוקומען צו משה'ן צו מאָלן זיין בילד. אָבער דער קעניג האָט אים ניט געגלויבט.

דער קעניג האָט געהייסן איינזעצן דעם מאָלער אין תפיסה. און ער האָט אַוועקגעשיקט אַנ'אַנדער מאָלער, באַגלייט פון אַ גרויסער וואַך פון טרייע סאָלדאַטן, צו מאָלן אַ ריכטיק בילד פון משה'ן אַליין...

ווען דער קעניג האָט דערזען, אַז דאָס צווייטע בילד פון משה'ן איז פונקט ווי אַ קאָפּיע פונם ערשטן, איז ער אויך אויף דעם צווייטן מאָלער אין כעס געוואָרן, און געשריען אויף אים:

— דו ביזט אויך אַזאַ פאַלשער מענטש, ווי דיין חבר דער ערש־טער מאָלער! דו האָסט געמאָלן דאָס בילד פון דעמזעלבן מדבר־רויבער, וואָס ער! איר האָט ביידע געמאַכט אַ פאַרשווערונג מיך אָפּצונאַרן, און איך וועל אייך באַשטראָפן דערפאַר!

דער קעניג האָט געהייסן אויך דעם צווייטן מאָלער איינצווזעצן אין תפיסה אינאיינעם מיט דער גאַנצער וואַך זיינער, און ער האָט באַשלאָסן אַליין אַוועקצולאָזן זיך אין דעם מדבר אַריין אָנצוקוקן משה'ן מיט זיינע אייגענע אויגן.

זייער פיל געלט און כח האָט דעם קעניג געקאָסט ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו דער אידישער מחנה. ער האָט זיך אָבער זייער געפריידט וואָס ענדליך וועט ער אַליין קאָנען זען דעם גרויסן פירער.

נאָר ווען מ'האָט דעם קעניג צוגעפירט צו משה'ן, און ער האָט דערזען, אַז ער קוקט אוים פונקט ווי אויף די בילדער וואָס זיינע מאָלער האָבן געמאָלן, איז ער דערשטוינט געוואָרן. ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָט באַלד דערציילט משה'ן אַלצדינג וואָס האָט געטראָפן מיט זיינע צוויי מאָלער צוליב די בילדער זייערע וואָס זיי האָבן געבראַכט. און דער קעניג האָט זיך געווענ־דעט צו משה'ן:

— כ'האָב דיך עפּיס צו פרעגן, געטליכער מאַן, אָבער דו זאָלסט זיך ניט באַליידיקן!

— קאָנסט פרעגן אַלץ וואָס דיין האַרץ גלוסט! — האָט משה געענטפערט.

האָט דער קעניג געפרעגט:

— זאָג מיר: ווי קומט עס, וואָס דו, דער גרויסער מענטש, מיט וועמענס נאָמען די גאַנצע וועלט קלינגט, זאָלסט האָבן אַ צורה פון אַ רויבער? איך האָב ביידע מאָלער מיינע ניט געגלויבט, ביז איך בין געקומען און דיך געזען מיט מיינע אויגן!

האָט אים משה געענטפערט:

— אמת, קעניג, דאָס פּנים זאָגט עדות אויף דעם כאַראַקטער פון מענטשן. וויסן זאָלסטו, אַז פון דער נאַטור בין איך טאַקע אַ מענטש מיט פאַרדאָרבענע נייגונגען, ווי ביים גרעסטן פאַרברעכער; אָבער פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען האָב איך געהאַלטן אין איין קעמפן מיט זיך אַליין, ביז איך בין געוואָרן דאָס וואָס איך בין אַצינד! "כי יצר לב האָדם רע מנעוריו", זאָגט די תורה: דער געדאַנק פון מענטשן איז שלעכט פון נאַטור, אָבער אַ מענטש קאָן פון זיך מאַכן וואָס ער וויל אַליין!...

* * * *

2.

## משה באַשיידט די תורה

ווען גאָט האָט געשיקט משה'ן צום ערשטן מאָל אַלס שליח צו פרעה'ן, האָט משה זיך געבעטן ביי אים:

— "לא איש דברים אָנוכי" — איך בין ניט קיין מענטש פון ווערטער, כ'קאָן ניט רעדן! ביי פרעה'ן אין פּאַלאַץ זיינען דאָ באַ־דינער פון אַלערליי פעלקער און שפּראַכן, און ווען ס'קומט אָן אַהין אַ שליח פון ערגיץ רעדט מען מיט אים אויף זיין אייגענער שפּראַך. און איצט אַז איך וועל קומען אַלס שליח פון דיר, גאָט, און זיי וועלן

זען, אַז כ׳בין אַ שטאַמלער, וועלן זיי דאָך לאַכן פון דיר און זאָגן:
"זעט נאַר, דער אידישער גאָט, אויף וועמען מ׳זאָגט, אַז ער האָט באַ־שאַפן אַלע פעלקער און אַלע שפּראַכן, האָט געשיקט אַ שליח, וואָס קאָן קיין צוויי ווערטער ניט אויסרעדן גלייך!"

האָט אים גאָט געענטפערט:

— זאָרג ניט, משה, אָט איז דאָך אָדם הראשון באַשאַפן געוואָרן אינגאַנצן אָן אַ שפּראַך, און איז געווען איינער אויף דער גאַנצער וועלט, ווי אַזוי האָט ער זיך אויסגעלערנט צו רעדן?

און אַזוי איז טאַקע געווען:

דאָסזעלבע מויל וואָס האָט פון אָנהויב געזאָגט, אַז ס׳קאָן ניט רעדן, האָט נאָכדעם געזאָגט "אלה הדברים" — אָט דאָס זיינען די ווערטער וואָס איך האָב גערעדט מיט דער געטליכער קראַפט, און ער האָט באַשיידט די תורה פון אָנהויב ביז סוף.

* * * *

3.

## אַ בילד פונם חורבן

(די סדרה דברים לייענט מען אין דעם שבת, וואָס פאַר "תשעה באָב", דער טרויער־טאָג אויפן חורבן פונם בית־המקדש און פונם אידישן לאַנד, און דערום ברייננגען מיר דאָ איינע פון די שענסטע און פאָעטישסטע לעגענדעס, וואָס שטעלט פאָר אַ בילד פונם חורבן).

רב שמואל בר נחמן האָט געזאָגט:

ווען דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרן, איז אברהם אָבינו געקומען פאַר גאָט מיט אַ ביטער געוויין, האָט זיך געריסן די האָר פון זיין קאָפּ און באָרד, האָט זיך געריסן זיינע קליידער, האָט זיך געשלאָגן אין פּנים אַריין, האָט געקלאָגט און געשריען:

— גאָט, פאַרוואָס האָסטו אויף מיינע קינדער געבראַכט אַזאַ שאַנד און אַזאַ אומגליק? זיינען זיי דען זינדיקער פון אַלע אַנדערע פעלקער אויף דער וועלט?...

אַז די מלאָכים האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אויך אָנגעהויבן צו קלאָגן און צו שרייען:

— גאָט, דיין געליבטער אברהם איז געקומען צו דיר מיט אַ קלאַגע און דו מוזט אים ענטפערן!

האָט גאָט געפרעגט:

— מיין ליבער אברהם, זינט דו ביזט אַוועק פון דער ערדישער וועלט ביזטו צו מיר קיינמאָל ניט געקומען זיך באַקלאָגן אויף דער לאַגע פון דיינע קינדער, וואָרום ביזטו איצט געקומען?

האָט אברהם געענטפערט:

— מיינע קינדער האָבן נאָך קיינמאָל אַזאַ שרעקליכע לאַגע ניט איבערגעלעבט. דו האָסט זיי געגעבן אַ היים, און איצט האָסטו זיי פון זייער היים פאַרטריבן און זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון מענטשן-חיות, וועלכע ברענגען זיי אום מיט "מיתות משונות". דו האָסט זיי געלאָזט בויען אַ בית-המקדש אויף יענעם אָרט, וואו איך האָב אַמאָל מיין איינציקן זון געבראַכט אַלס קרבן אויף דיין באַ־פעל, און איצט האָסטו זייער הייליק הויז חרוב געמאַכט. וואָס האָסטו צו מיינע קינדער?!...

האָט אים גאָט געזאָגט:

— אברהם, דיינע קינדער האָבן געזינדיקט און עובר געווען (טראַנסגרעסס, וויאָלייט) אויף מיין תורה, וואָס איז געשריבן מיט די צוויי און צוואַנציק אותיות פונם אידישן "אלף-בית"!

האָט אברהם געפאָדערט:

— זאָל קומען דיין תורה און עדות זאָגן פאַר מיר אין די אויגן אַקעגן מיינע קינדער!

איז די תורה געקומען און זיך אַוועקגעשטעלט צו זאָגן עדות.
האָט אברהם זיך אָנגערופן צו איר:

— טאָכטער מיינע, ווי אַזוי שעמסטו זיך ניט צו קומען עדות זאָגן אַקעגן די אידן? דערמאָן זיך נאָר, ווען גאָט האָט דיך אַרומ־געטראָגן צו אַלע פעלקער, האָט קיין איין פאָלק דיך ניט געוואָלט אָננעמען, ביז ער האָט דיך געבראַכט צו מיינע קינדער, און זיי האָבן

געזאָגט "נעשה ונשמע", מיר וועלן טאָן און הערן אַלץ! און אויב זיי האָבן אַפילו געזינדיקט, זיינען זיי דאָך ניט מער ווי מענטשן!...

האָט די תורה זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט און געשוויגן.

האָט גאָט געזאָגט צו אברהם׳ען:

— איצט וועלן די צוויי און צוואַנציק אותיות פונם אלף-בית קומען עדות זאָגן.

און באַלד האָט זיך די "אלף" אַוועקגעשטעלט צו זאָגן עדות.

האָט אברהם צו איר געזאָגט:

— טאָכטער מיינע, די ערשטע פונם אלף-בית, ווי אַזוי שעמסטו זיך ניט צו קומען עדות זאָגן אַקעגן מיינע קינדער? דערמאָן זיך, ווען גאָט האָט אויף דעם באַרג סיני געגעבן זיינע צען געבאָט, האָט ער אָנגעהויבן מיט דיר: "אָנוכי ד׳ אלוהיך", איך בין דיין גאָט, — האָט דיך אַנ׳אַנדער פאָלק געוואָלט הערן אַחוץ מיינע קינדער? זיי זיינען דאָך געווען די איינציקע, וואָס האָבן אָנגענומען דעם איינציקן גאָט!

האָט זיך די "אלף" אָפּגערוקט אָן אַ זייט און געשוויגן.

איז געקומען די "בית" און האָט זיך אַוועקגעשטעלט צו זאָגן עדות.

האָט אברהם צו איר געזאָגט:

— טאָכטער מיינע, ווי אַזוי שעמסטו זיך ניט צו קומען עדות זאָגן אַקעגן מיינע קינדער? מיט דיר הויבט זיך דאָך אָן די תורה: "בראשית ברא", — און ווער נאָך, אַחוץ זיי, האַלט הייליק די תורה, אַפילו ווען זיי זיינען זי ניט מקיים אינגאַנצן?!...

האָט זיך די "בית" אָפּגערוקט און געשוויגן.

איז געקומען די "גימל" און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַלס עדות.

האָט אברהם צו איר געזאָגט:

— טאָכטער מיינע, ווי אַזוי שעמסטו זיך ניט צו קומען עדות זאָגן אַקעגן מיינע קינדער? מיט דיר הויבט זיך דאָך אָן די מצוה פון ציצית: "גדילים תעשה לך" (זאָלסט דיר מאַכן ציצית), וואָס קיין

אַנדער פאָלק אין דער וועלט האַלט ניט פון דערדאָזיקער מצוה, אַחוץ מיינע קינדער !...

האָט זיך די "גימל" אָפּגערוקט און געשוויגן.

ווען די איבעריקע אותיות פונם "אלף-בית" האָבן געזען, אַז די ערשטע דריי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן, האָבן זיי זיך שוין גע־שעמט צו קומען און שטעלן זיך אַלס עדות.

האָט אברהם אָנגעהויבן בעטן צו גאָט :

— רבונו של עולם ! צו הונדערט יאָר האָסטו מיר געגעבן אַ זון, און איך האָב אים שטאַרק ליב געהאַט. נאָר אַז דו האָסט מיר באַפוילן צו ברענגען אים אַלס קרבן פאַר דיר, בין איך געוואָרן אַן אכזר (קרועל) און האָב אים אַליין געפירט צו דער עקדה. דערמאָן זיך אַצינד אָן דעם און דערוועק דיין רחמנות אויף מיינע קינדער !

איז יצחק צוגעקומען און האָט אָנגעהויבן בעטן :

— רבונו של עולם ! ווען מיין טאַטע האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז ווערן אַ קרבן צו דיר, האָב איך באַלד איינגעוויליקט און האָב זיך געבעטן ביי אים, אַז ער זאָל מיך גוט בינדן אויפן מזבח, און כ'האָב אַליין אויסגעשטרעקט מיין האַלז אונטערן שלאַכט-מעסער. דערמאָן זיך אַצינד אָן דעם און דערבאַרעם זיך אויף מיינע קינדער !...

איז יעקב צוגעקומען און האָט אָנגעהויבן בעטן :

— רבונו של עולם ! צוואַנציק יאָר האָב איך געאַרבעט ביי לבנ'ען, און ווען כ'בין פון אים אַוועק, האָט מיך עשו הרשע באַגעגנט אין וועג און געוואָלט טייטן מיינע קינדער, האָב איך זיך אַליין מפקיר געווען (סאַקריפיים) און איינגעשטעלט מיין לעבן פאַר זיי. דערמאָן זיך אַצינד און דערלאָז ניט, אַז מיינע קינדער זאָלן געפירט ווערן צום שלאַכט אַזוי ווי שאָף !

איז משה צוגעקומען און האָט אָנגעהויבן בעטן :

— רבש"ע ! פערציק יאָר בין איך געווען אַ געטרייער פאַסטוך ביי דיר און אָפּגעהיט דיין פאָלק אין דעם מדבר. און אַז דו האָסט מיר געזאָגט, אַז איך מוז שטאַרבן אין מדבר, וואָרים אַנדערש וועט

דאָס פאָלק ניט קאָנען אַריינקומען אין ארץ ישראל, האָב איך דאָס אויך אָנגענומען פאַר ליב. און איצט דאַרף איך וויינען און קלאָגן אויף זייער גורל. דער שונא האָט אַסך פון מיין פאָלק געטייט, אַסך פון זיי געבונדען מיט אייזערנע קייטן און זיי געטריבן נאַקעטע, אַסך אָנגעטרונקען מיט זאַלץ-וואַסער און זיי געשטעלט דאַרשטיקע אַקעגן דער היץ און זיי זיינען געשטאָרבן אין וועג, און די פויגלען האָבן זייער פלייש געפּיקט. האָב רחמנות אויף זיי, אל רחום וחנון !...

אַז רחל אונזער מוטער האָט געזען, אַז גאָט קערט זיך אַלץ נימ מיט זיין ענטפער אויף דעם געבעט פון די אָבות, האָט זי אויס-געבראָכן אין אַ שרעקליכן יאָמער :

— רבש"ע ! דו ווייסט ווי דיין קנעכט יעקב האָט מיך ליב געהאַט, און ווי שטאַרק איך האָב אים ליב געהאַט. און דאָך, ווען מיין פאָטער האָט באַשלאָסן צו געבן אים לאה'ן אָנשטאָט מיר, האָב איך ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם בזיון און די יסורים, וואָס מיין שוועסטער וועט ליידן ווען יעקב וועט זי דערקענען און אָפּשיקן צו-ריק. האָב איך לאה'ן איבערגעגעבן דעם "סימן", וואָס איך האָב געהאַט מיט יעקב'ן, כדי ער זאָל זי ניט דערקענען און דענקען, אַז דאָס בין איך. הייגט ווי אַזוי קאָן איך איצט פאַרטראָגן די ווייטאָקן און בזיונות, וואָס מיינע אייגענע קינדער ליידן זיך אָן פון זייערע שונאים? גאָט, וואָס שווייגסטו ? !...

האָט זיך באַלד גאָט'ס רחמנות דערוועקט אויף דער מוטער'ס טרערן, און ער האָט אויסגערופן :

— וויין ניט, רחל ! דיינע קינדער וועלן זיך צוריקקערן צו זייער גרעניץ !... (ושבו בנים לגבולם !)

——— : : ———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**איכה אשא לבדי** (ווי אַזוי קאָן איך דערטראָגן איינער אַליין?)

**חכמים ונבונים** (קלוגע און פאַרשטענדיקע).

**טוב הדבר אשר דברת** (גוט איז די זאַך וואָס דו האָסט גערעדט).

**לא תכירו פנים** (איר זאָלט ניט דערקענען קיין פנים):

מ'זאָגט אויך: איר זאָלט ניט נושא־פנים זיין; צוליב טאָן עמיצן.

**שריד** (אַן איבערבלייב):

ס'ווערט געזאָגט תמיד: "שריד ופליט"; ס'איז ניט געבליבן קיין שריד ופליט.

**כקטן כגדול** (קליין אַזוי ווי גרויס).

**לא תגורו מפני איש** (איר זאָלט ניט מורא האָבן פאַר קיינעם).

**דברי שלום** (רייד פון פרידן).

——:: ——

סדרה

# ואתחנן

(און איך האָב געבעטן)

## משה׳ס בקשה

און איך האָב געבעטן צו גאָט אין יענער צייט, אַזוי צו זאָגן:

— האַר גאָט! דו האָסט אָנגעהויבן צו ווייזן דיין קנעכט דיין גרויסקייט און דיין שטאַרקע האַנט, — וואָרים ווער נאָך איז דער גאָט אין הימל און אויף דער ערד, וואָס זאָל קאָנען טאָן אַזוינע מעשים און גבורות ווי דיינע? — איז בעט איך דיך, לאָז מיך איבערגיין און זען דאָס גוטע לאַנד, וואָס אויף יענער זייט ירדן, דאָסדאָזיקע גוטע באַרג-לאַנד און דעם לבנון!

אָבער גאָט האָט געצערנט אויף מיר צוליב אייך, און ער האָט ניט צוגעהערט צו מיר.

און גאָט האָט געזאָגט צו מיר:

— גענוג דיר! דו זאָלסט צו מיר מער ניט רעדן וועגן דער־דאָזיקער זאַך! גיי אַרויף צום שפּיץ פון פסגה (אויפן באַרג נבו), און הויב אויף דיינע אויגן צו מערב, און צו צפון, און צו דרום, און צו מזרח, און קוק אָן דאָס לאַנד מיט דיינע אויגן, וואָרים דו וועסט דעמדאָזיקן ירדן ניט אַריבערגיין.

און זאָג אָן אַלץ צו יהושע׳ן, און שטאַרק אים און פעסטיק אים, וואָרים ער וועט אַריבערגיין פאַראויס דעמדאָזיקן פאָלק, און ער

וועט זיי מאַכן ירש'ענען דאָס לאַנד, וואָס דו וועסט זען פון ווייטן!
און מיר זיינען געבליבן זיצן אין טאָל אַקעגן בעל־פעור.

* * * *

## משה'ס וואָרענונג

און אַצינד, ישראל, הער צו צו די געזעצן און דינים, וואָס איך לערן אייך צו טאָן, כדי איר זאָלט לעבן און קומען ירש'ענען דאָס לאַנד וואָס אייער גאָט גיט אייך.

איר זאָלט ניט צולייגן צו דעם געבאָט, וואָס איך זאָג אייך אָן, און איר זאָלט דערפון ניט מינערן, כדי צו היטן די באַפעלן פון אייער גאָט, וואָס איך באַפעל אייך.

אייערע אויגן האָבן געזען, וואָס גאָט האָט געטאָן אין בעל־פעור, אַז איטליכער וואָס איז געגאַנגען נאָך דעם אָפּגאָט, האָט אים גאָט פאַרטיליקט פון צווישן אייך. און איר, וואָס זיינט באַהעפט אָן אייער גאָט, לעבט היינט אַלע!

זעט, איך האָב אייך געלערנט ג ע ז ע צ ן און ד י נ י ם (חוקים ומשפטים), אַזוי ווי מיין גאָט האָט מיר באַפוילן, צו טאָן אַזוי אין דעם לאַנד, וואָס איר קומט אַהין צו ירש'ענען, — זאָלט איר אָפּהיטן און טאָן. ווארים דאָס איז אייער קלוגשאַפט און אייער פאַרשטאַנדיג־קייט אין די אויגן פון די פעלקער, וואָס אַז זיי וועלן הערן דידאָזיקע אַלע געזעצן וועלן זיי זאָגן: "נאָר אַ קלוג און פאַרשטענדיק פאָלק איז דידאָזיקע גרויסע נאַציע (אומה)!"

ווארים ווער נאָך איז אַזאַ גרויסע אומה, וואָס האָט אַ גאָט אַזוי נאָענט צו זיך, אַזוי ווי אונזער גאָט צו אונז ווען נאָר מיר רופן צו אים? און ווער נאָך איז אַזאַ גרויס פאָלק, וואָס האָט אַזוינע גע־רעכטע חוקים און משפטים אַזוי ווי דידאָזיקע גאַנצע תורה, וואָס איך גיב פאַר אייך היינטיקן טאָג?

און דערום, ישראל, זיי דיר אָפּגעהיט, און היט זייער דיין זעל,

דו זאָלסט ניט פאַרגעסן די זאַכן וואָס דיינע אויגן האָבן געזען, און זיי זאָלן ניט אָפּגעטאָן ווערן פון דיין האַרצן אַלע טעג פון דיין לעבן, און דו זאָלסט זיי מאַכן וויסן צו דיינע קינדער און קינדס-קינדער!

דעם טאָג, פאַרגעס ניט, ווען דו ביזט געשטאַנען פאַר דיין גאָט אין חורב, ווען ער האָט צו מיר געזאָגט: "זאַמל איין דאָס פאָלק און איך וועל זיי מאַכן הערן מיינע ווערטער, כדי זיי זאָלן זיך לערנען צו מורא האָבן פאַר מיר אַלע טעג, וואָס זיי לעבן אויף דער ערד, און אויך זייערע קינדער זאָלן זיי לערנען!"

און איר זיינט צוגעקומען נאָענט און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אונטערן באַרג. און דער באַרג האָט געברענט מיט פייער ביז אינ-מיטן הימל, און אַרום איז געווען אַ פינצטערניש פון דעם וואָלקן און דעם נעפּל.

און גאָט האָט צו מיר גערעדט פון מיטן פייער. אַ קול פון ווער-טער האָט איר נאָר געהערט, אָבער קיין געשטאַלט האָט איר ניט געזען אַחוץ דעם קול. און ער האָט אייך אָנגעזאָגט זיין בונד, די צען געבאָט, וואָס ער האָט אייך באַפוילן אָפּצוהיטן, און ער האָט זיי אויפ-געשריבן אויף צוויי שטיינערנע טאָוולען. און מיר האָט גאָט באַ-פוילן אין יענער צייט צו לערנען אייך חוקים און משפטים צו טאָן זיי אין לאַנד, וואָס איר גייט איבער אַהין צו ירש'ענען.

און דערום זאָלט איר זייער היטן אייער זעל. וואָרים איר האָט ניט געזען קיין שום געשטאַלט אין טאָג ווען גאָט האָט גערעדט צו אייך אין חורב פון מיטן פייער, זאָלט איר ניט פאַרדאַרבן אייער וועג און אייך מאַכן אַן אויסגעהאַקט בילד אָדער אַ סימבאָל-געשטאַלט, אַ געשטאַלט פון אַ זכר אָדער אַ נקבה, אַ געשטאַלט פון אַ בהמה וואָס אויף דער ערד, אַ געשטאַלט פון אַ פויגל וואָס פליט אין הימל, אַ גע-שטאַלט פון אַ שרץ וואָס קריכט אויף דער ערד, אַ געשטאַלט פון אַ פיש וואָס אין וואַסער; און אַז דו וועסט אויפהויבן דיינע אויגן צום הימל און זען דאָרטן די זון און די לבנה און די שטערן, דאָס גאַנצע הערשאַפט פון הימל, זאָלסטו ניט פאַרשטויסן ווערן פון גוטן וועג און זיך בוקן צו זיי און דינען זיי, וואָס דיין גאָט האָט זיי, (אָט די אַלע

אָפּגעטער), צוגעטיילט צו אַלע פעלקער, וואָס אונטער'ן הימל; אָבער אייך האָט גאָט גענומען און האָט אייך אַרויסגעצויגן פון דעם אייזן-שמעלצאויוון, פון מצרים, כדי איר זאָלט צו אים זיין אַ ירושה-פאָלק, אַזוי ווי היינטיקן טאָג.

נאָר אויף מיר האָט גאָט געצערנט איבער אייערע רייד, און ער האָט געשוואָרן, אַז איך וועל גיט אַריבערגיין דעם ירדן און ניט אַריינ-קומען אין דעם גוטן לאַנד, וואָס ער גיט אייך פאַר אַ ירושה, ווייל איך וועל דאָ שטאַרבן אין דעמדאָזיקן לאַנד, — אָבער איר וועט אַריבערגיין און וועט ירש'ענען דאָסדאָזיקע גוטע לאַנד. היט זיך, דערום, איר זאָלט ניט פאַרגעסן דעם בונד פון אייער גאָט, וואָס ער האָט געשלאָסן מיט אייך; ווארים אייער גאָט איז אַ פייער, וואָס פאַרברענט, אַ צערנדיקער גאָט (אל קנא)!

* * * *

## אַ וואָרענונג פאַר דורות

אַז דו, ישראל, וועסט געבוירן קינדער און קינדס-קינדער, און איר וועט זיך עלטערן אין לאַנד, און איר וועט פאַרדאַרבן אייער וועג און איר וועט אייך מאַכן אַ פסל (אויסגעהאַקט בילד), אַ געשטאַלט פון וואָס ניט איז, און שלעכטס טאָן צו דערצערענען גאָט, — מאַך איך היינט הימל און ערד פאַר עדות אַקעגן אייך, אַז איר וועט גיך פאַרלוירן ווערן פון דעם לאַנד. איר וועט ניט מאריך ימים זיין דאָרטן, נאָר פאַרטיליקט ווערן.

און גאָט וועט אייך צעשפּרייטן צווישן די פעלקער, און איר וועט בלייבן דאָרטן געציילטע מענטשן. און איר וועט דינען דאָרטן גע-טער, געמאַכטע פון מענטשנ'ס הענט, פון האָלץ און פון שטיין, וואָס ניט זיי זען, און ניט זיי הערן, און ניט זיי עסן, און ניט זיי שמעקן. און איר וועט זוכן פון דאָרטן אייער גאָט, ווארים עס וועט אייך ענג ווערן און עס וועלן אייך טרעפן דידאָזיקע אַלע זאַכן אין צייטן שפּע-טער, און איר וועט זיך מוזן אומקערן צו גאָט און אים פאָלגן, איז

אַז איר וועט אים זוכן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער זעל, וועט איר אים געפינען. וואָרים אַ גאָט פון רחמנות איז דיין גאָט (אל רחום). ער וועט דיך ניט פאַרלאָזן און וועט דיך ניט אומבריינ־גען. און ער וועט ניט פאַרגעסן דעם בונד מיט דיינע עלטערן, וואָס ער האָט זיי געשוואָרן.

* * * *

## גאָט׳ס גרויסקייט

וואָרים פרעג אומיסטן וועגן די פריערדיקע צייטן, וואָס זיינען געווען נאָך איידער דו ביזט געווען, פון דעם טאָג ווען גאָט האָט באַ־שאַפן אַ מענטשן אויף דער ערד, וואָס האָט געטראָפן פון עק וועלט ביז עק וועלט, אויב עס איז ווען געשען אַזוי ווי דידאָזיקע זאַך, אָדער אויב עס איז אַזוינס געהערט געוואָרן:

האָט אַ פאָלק געהערט דאָס קול פון גאָט, רעדנדיק פון מיטן פייער, אַזוי ווי דו, ישראל, האָסט געהערט, און געבליבן לעבן?

אָדער האָט אַ גאָט געפּרוּאווט קומען און זיך נעמען אַ פאָלק פון צווישן אַן אַנדער פאָלק מיט אַזוינע פּרוּאווּנגען, מיט צייכנס, און מיט וואונדער, און מיט מלחמה, און מיט אַ שטאַרקער האַנט, און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און מיט גרויסע שרעקן, אַזוי ווי אַלץ וואָס אייער גאָט האָט געטאָן פון אייערטוועגן אין מצרים פאַר אייערע אויגן?

דיר, ישראל, איז עס באַוויזן געוואָרן, כדי דו זאָלסט וויסן, אַז גאָט איז דער איינציקער גאָט, און ניטאָ אַחוץ אים קיינער!

פון הימל האָט ער דיך געלאָזט הערן זיין קול צו לערנען דיך, און אויף דער ערד האָט ער דיר באַוויזן זיין גרויס פייער, און זיינע ווערטער האָסטו געהערט פון מיטן פייער!

און דערפאַר וואָס ער האָט ליב געהאַט דיינע עלטערן, האָט ער אויסדערוויילט זייערע קינדער נאָך זיי, און ער אַליין האָט דיך אַרויס־געצויגן מיט זיין גרויסן כח פון מצרים, כדי צו פאַרטרייבן פאַר דיר

גרעסערע און שטאַרקערע פעלקער פון דיר, צו ברענגען דיך און צו געבן דיר זייער לאַנד אַלס ירושה, אַזוי ווי היינטיקן טאָג.

און דערום זאָלסטו וויסן היינט, און זאָלסט עס אַריינגעמען אין דיין האַרצן, אַז גאָט איז דער איינציקער גאָט אין הימל פון אויבן און אויף דער ערד פון אונטן, ניטאָ מער אַזאַ!

און דו זאָלסט אָפּהיטן זיינע חוקים און מצוות, וואָס איך זאָג דיר אָן היינט, כדי עס זאָל גוט זיין דיר און דיינע קינדער נאָך דיר, און כדי דו זאָלסט מאריך־ימים זיין אויף דער ערד, וואָס דיין גאָט גיט דיר אויף אייביק!

* * * *

## דריי שטעט פון אַנטרינונג

(שלש ערי־מקלט)

דאַמאָלט האָט משה אָפּגעשיידט דריי שטעט אויף יענער זייט ירדן, אין מזרח זייט, אַז עס זאָל אַנטלויפן אַהין אַ רוצח, וואָס הרג'עט אַ מענטשן ניט־וויסענדיק (אָן אַ כיוון, אומגערן), ווייל ער איז אים קיין שונא ניט געוועזן פון פריער — זאָל ער קאָנען אַנטלויפן אין איינער פון דידאָזיקע דריי שטעט און ער זאָל בלייבן לעבן (און דער "גואל הדם", דער אויסלייזער פון בלוט, אַ פריינט פון געטויטן, האָט ניט קיין רעכט אַריינצוקומען אַהין צו נעמען נקמה פון רוצח).

די דריי שטעט זיינען:

בצר אין מדבר, אין דעם פלאַכלאַנד, צו שבט ראובן; און ראָמות אין גלעד צו שבט גד; און גולן אין בשן צו מנשה.

* * * *

# די צען געבאָט
## (עשרת הדברות)

און דאָס איז די תורה, וואָס משה האָט געלייגט פאַר די אידן (געגעבן צו פאַרשטיין). דאָס זיינען די אָנזאָגן (עדות פון גאָט'ס בונד מיט די אידן) און די חוקים און משפּטים, וואָס משה האָט גערעדט צו די אידן, ווען זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים:

משה האָט צונויפגערופן אַלע אידן, און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— הער, ישראל, די חוקים און די משפּטים, וואָס איך רעד היינט אין אייערע אויערן, און איר זאָלט זיי לערנען און היטן צו טאָן. אונזער גאָט האָט מיט אונז געשלאָסן אַ בונד אין חורב. ניט מיט אונזערע עלטערן האָט גאָט געשלאָסן דעמדאָזיקן בונד, נאָר מיט אונז, — מיר, דידאָזיקע, וואָס מיר זיינען דאָ היינט אַלע לעבעדיקע. פּנים אל פּנים האָט גאָט גערעדט מיט אייך אויפן באַרג פון מיטן פייער. איך בין געשטאַנען צווישן גאָט און צווישן אייך אין יענער צייט צו זאָגן אייך גאָט'ס וואָרט, וואָרים איר האָט מורא געהאַט פאַרן פייער און איר זיינט ניט אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג.

און גאָט האָט גערעדט, אַזוי צו זאָגן:

א) איך בין דיין גאָט, וואָס האָב דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פונם הויז פון קנעכטשאַפט!

ב) זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער אַחוץ מיר. זאָלסט דיר ניט מאַכן קיין געשניץ פון אַ געשטאַלט, וואָס אין הימל אויבן, אָדער וואָס אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס אין וואַסער אונטער דער ערד. זאָלסט זיך ניט בוקן צו זיי און זאָלסט זיי ניט דינען, וואָרים איך, דיין גאָט, בין אַ צערנדיקער גאָט, וואָס דערמאָנט די זינד פון די עלטערן אויף די קינדער, אויפן דריטן און פירטן דור, אויב זיי האָבן מיך פיינט (דאַן באַשטראָף איך זיי פאַר אַלע); און

איך טו חסד צום טויזנטסטן דור פון די וואָס האָבן מיך ליב און היטן מיינע געבאָט!

ג) זאָלסט ניט אַרויפברייגנען אויף דיינע ליפּן דעם נאָמען פון גאָט צו פאַלשקייט, וואָרים גאָט פאַרגיט ניט דעם, וואָס רעדט אַרוים זיין נאָמען צום פאַלשן!

ד) היט דעם טאָג שבת צו האַלטן אים הייליק, אַזוי ווי דיין גאָט האָט דיר באַפוילן. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלע דיינע מלאָכות, און דער זיבעטער טאָג איז אַ רו טאָג צו דיין גאָט; זאָלסט ניט טאָן קיין מלאָכה: דו און דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, דיין אָקס און דיין אייזל און אַלע דיינע בהמות, און דער פרעמדער וואָס וואוינט אין דיינע טויערן, כדי דיין קנעכט און דיין דינסט זאָלן רוען אַזוי ווי דו. און זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביזטו געווען אין לאַנד מצרים און דיין גאָט האָט דיך אַרויסגע־צויגן פון דאָרטן מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און דערפאַר האָט דיר דיין גאָט באַפוילן צו מאַכן דעם שבת־טאָג!

ה) האַלט אין כבוד דיין פאָטער און מוטער, אַזוי ווי גאָט האָט דיר באַפוילן, כדי דו זאָלסט לאַנג לעבן, און כדי עס זאָל דיר זיין גוט אויף דער ערד וואָס דיין גאָט גיט דיר!

ו) זאָלסט ניט מאָרדן! (רציחה).

ז) און זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן! (ניאוף).

ח) און זאָלסט ניט גנב'ען! (גנבה).

ט) און זאָלסט ניט זאָגן קיין פאַלש עדות אויף דיין חבר! (עד שוא).

י) און זאָלסט ניט גלוסטן דיין חבר'ס ווייב, און זאָלסט ניט באַגערן דיין חבר'ס הויז, זיין פעלד, אָדער זיין קנעכט, אָדער זיין דינסט, זיין אָקס, אָדער זיין אייזל, און אַלץ וואָס איז יענעמס!

אָט דידאָזיקע אַלע רייד האָט גאָט גערעדט צו אייער גאַנץ קהל אויפֿן באַרג פֿון מיטן פֿייער, וואָלקן און נעפּל, אויף אַ הויך קול, — און מער ניט. און ער האָט זיי אויפֿגעשריבן אויף צוויי שטיינערנע לוחות, און האָט זיי מיר געגעבן.

* * * *

## מוראָ פֿאַר גאָט

און עס איז געווען אַז איר האָט געהערט די שטים פֿון מיטן פֿינצטערניש, וואָס איז געווען אַרום, און דער באַרג האָט געברענט אין פֿייער, זיינט איר צוגעקומען נאָענט צו מיר, אַלע הויפּטלייט פֿון אייערע שבטים און אייערע עלטסטע, און איר האָט געזאָגט: "זע, גאָט האָט אונז באַוויזן זיין פּראַכט און זיין גרויסקייט, און זיין קול האָבן מיר געהערט פֿון מיטן פֿייער. היינטיקן טאָג האָבן מיר געזען, ווי גאָט רעדט מיט אַ מענטשן און ער בלייבט לעבן. און אַצינד אויב מיר וועלן ווייטער הערן אונזער גאָט'ס שטים, קאָנען מיר נאָך שטאַרבן, וואָרים דאָסדאָזיקע גרויסע פֿייער וועט אונז פֿאַרברענען; וואָרים ווער פֿון אַלע באַשעפֿענישן וואָס האָט געהערט דאָס קול פֿון לעבעדיקן גאָט, רעדנדיק פֿון מיטן פֿייער, אַזוי ווי מיר האָבן געהערט, און געבליבן לעבן? — איז פֿאַרוואָס זאָלן מיר שטאַרבן?! — גיי דו צו נאָענט און הער אַלצדינג וואָס אונזער גאָט וועט זאָגן, און דו וועסט אונז איבערגעבן, און מיר וועלן הערן און טאָן!"

האָט גאָט צוגעהערט אַלץ וואָס איר האָט גערעדט צו מיר, און ער האָט מיר געזאָגט:

— גוט איז אַלץ וואָס זיי האָבן גערעדט! הלואי זאָל עס ביי זיי אין האַרצן בלייבן אויף אייביק צו מוראָ האָבן פֿאַר מיר און צו היטן אַלע מיינע געבאָט, כדי עס זאָל זיין גוט צו זיי און צו זייערע קינדער אויף אייביק! גיי, זאָג זיי, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן צו זייערע געצעלטן. און דו, משה, בלייב דאָ שטייען מיט מיר, און איך וועל דיר איבערגעבן אַלע געבאָט, און די חוקים און משפּטים, וואָס

דו זאָלסט זיי לערנען, און זיי זאָלן טאָן אין לאַנד, וואָס איך גיב זיי צו ירש׳ענען!

* * * *

## ליבע צו גאָט

הער, ישראל, דער אייביקער איז אונזער גאָט, דער אייביקער איז איינער! (שמע, ישראל, ד׳ אלוהינו, ד׳ אחד!)

און דו זאָלסט ליב האָבן דיין גאָט מיט דיין גאַנצן הארצן, און מיט דיין גאַנצער זעל, און מיט דיין גאַנצער קראַפט!

און די דאָזיקע ווערטער, וואָס איך באַפעל דיר היינט, זאָלן זיין אין דיין האַרצן!

און דו זאָלסט זיי שאַרף איינקריצן צו דיינע קינדער, און דו זאָלסט רעדן וועגן זיי, ווען דו זיצסט אין דיין הויז, און ווען דו גייסט אין וועג, און ווען דו לייגסט זיך, און ווען דו שטייסט אויף!

און דו זאָלסט זיי אָנבינדן פאַר אַ צייכן אויף דיין האַנט, און זיי זאָלן זיין פאַר אַ שטערנבאַנד צווישן דיינע אויגן (די חכמים לער־נען דערפון, אַז מ׳דאַרף לייגן תפילין של־יד און תפילין של־ראש), און דו זאָלסט זיי אויפשרייבן אויף די ביישטידלאַך פון דיין הויז, און אויף דיינע טויערן (מזוזות).

* * * *

## גלויבן אין גאָט אין אַלע צייטן

און עס וועט זיין, אַז גאָט וועט דיך ברענגען אין דעם לאַנד, וואָס ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, אברהם, יצחק און יעקב, צו געבן דיר גרויסע און גוטע שטעט, וואָס דו האָסט ניט געבויט, און הייזער פול מיט אַלדאָס גוטס (כל־טוב), וואָס דו האָסט ניט אָנגע־פילט, און אויסגעהאַקטע ברונעמער, וואָס דו האָסט ניט אויסגע־האַקט, וויינגערטנער און איילבירטגערטנער, וואָס דו האָסט ניט גע־

פלאַנצט, און דו וועסט עסן און ווערן זאַט, — היט זיך, אַז דו זאָלסט ניט פאַרגעסן (מחמת פיל עשרות און פאַרגעניגען) אָן גאָט וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פונם הויז פון קנעכטשאַפט. פאַר גאָט זאָלסטו מורא האָבן און אים זאָלסטו דינען, און ביי זיין נאָמען זאָלסטו שווערן.

איר זאָלט ניט גיין נאָך פרעמדע געטער פון די געטער פון די פעלקער, וואָס אַרום אייך. וואָרים דיין גאָט איז אַ צערנדיקער צווישן דיר, טאָמער וועט ער אין כעס ווערן אויף דיר, וועט ער דיך פאַר־טיליקן פון דער ערד.

איר זאָלט ניט פרוּוון אייער גאָט, ווי איר האָט אים געפּרוּווט אין מסה. (מיט דעם וואַסער, ווען איר האָט געזאָגט: איז פאַראַן אַ גאָט צווישן אונז, אָדער ניט? איר מוזט גלויבן אין גאָט תמיד, סיי ווען עס איז אייך גוט, און סיי ווען עס איז אייך שלעכט!)

היטן זאָלט איר די געבאָט און די אָנזאָגן פון אייער גאָט; און דו זאָלסט נאָר טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק און גוט (הישר והטוב) אין די אויגן פון גאָט, כדי עס זאָל דיר גוט זיין, און זאָלסט קומען און ירש'ענען דאָס גוטע לאַנד, וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, און ער וועט אַרויסשטויסן דיינע פיינט פאַר דיר, ווי גאָט האָט גערעדט.

* * * *

## קינדער-דערציאונג אין גאָט'ס געזעצן

אַז דיין זון וועט דיך שפּעטער אַמאָל פרעגן, אַזוי צו זאָגן:

— וואָס זיינען דאָס פאַר אָנזאָגן און חוקים און משפטים, וואָס אונזער גאָט האָט אייך באַפוילן?

זאָלסטו זאָגן צו דיין זון:

— קנעכט זיינען מיר געווען צו פרעה'ן אין מצרים, און גאָט האָט אונז אַרויסגעצויגן פון מצרים מיט אַ שטאַרקער האַנט. און גאָט האָט געגעבן צייכנס און גרויסע און בייזע וואונדער אין מצרים,

אויף פרעה׳ן און אויף זיין גאַנצן הויז פאַר אונזערע אויגן. און אונז האָט ער פון דאָרטן אַרויסגעצויגן, כדי צו ברייגגען אונז און צו געבן אונז דאָס לאַנד וואָס ער האָט געשוואָרן צו אונזערע עלטערן. און גאָט האָט אונז באַפוילן צו טאָן די דאָזיקע אַלע געזעצן, צו מורא האָבן פאַר אונזער גאָט, כדי עס זאָל אונז זיין גוט אויף אייביק און אונז לאָזן לעבן אַלם פאָלק אין אונזער לאַנד, אַזוי ווי היינטיקן טאָג.

און אַ גערעכטיגקייט וועט עס אונז פאַררעכנט ווערן, אַז מיר וועלן היטן צו טאָן דאָסדאָזיקע געבאָט פאַר אונזער גאָט, אַזוי ווי ער האָט אונז באַפוילן.

* * * *

## וואָרענונג אַקעגן געצנדינסט

אַז דיין גאָט וועט דיך ברייגגען צום לאַנד, וואוהין דו קומסט צו ירש׳ענען עס, און ער וועט אַרויסוואַרפן פאַר דיר פיל פעלקער, דעם חתי, און דעם גרגשי, און דעם אמורי, און דעם כנעני, און דעם פריזי, און דעם חוי, און דעם יבוסי, זיבן גרעסערע און שטאַרקערע פעלקער פון דיר, — און דיין גאָט וועט זיי איבערגעבן פאַר דיר און דו וועסט זיי שלאָגן, זאָלסטו זיי פאַרווּיסטן (מחרים זיין; אַריינוואַרפן אין חרם), זאָלסט מיט זיי ניט שליסן קיין בונד, און זאָלסט זיי ניט לייטזעליקן.

זאָלסט זיך ניט מתחתן זיין (משדך זיין, ווערן מחותנים) מיט זיי: דיין טאָכטער זאָלסטו ניט געבן צו זייער זון, און זייער טאָכטער זאָלסטו ניט נעמען פאַר דיין זון. וואָרים דיין זון וועט אָפּקערן פון צו גיין נאָך מיר, און ער וועט דינען פרעמדע געטער, און גאָט׳ם צאָרן וועט ברענען אויף אייך און ער וועט אייך פאַרטיליקן גיך.

נאָר אַזוי זאָלט איר טאָן צו זיי: זייערע מזבחות זאָלט איר צעשטויסן, און זייערע מצבות (מאָנומענטן) זאָלט איר צעברעכן, און זייערע געצנבוימער זאָלט איר אויסהאַקן, און זייערע געשניצטע בילדער זאָלט איר פאַרברענען אין פייער.

וואָרים אַ הייליק פאָלק ביזטו צו דיין גאָט. דיך האָט דיין גאָט אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער אויף דער ערד צו זיין אים פאַר אַ ליב פאָלק.

ניט ווייל איר זיינט מער פון אַלע פעלקער האָט גאָט אייך גע־גלוסט און האָט אייך אויסדערוויילט, — וואָרים איר זיינט דאָך דאָס ווינציקסטע און קלענסטע פאָלק פון אַלע פעלקער, — נאָר ווייל גאָט האָט אייך ליב און ער היט אָפּ די שבועה וואָס ער האָט גע־שוואָרן צו אייערע עלטערן, האָט גאָט אייך אַרויסגעצויגן מיט אַ שטאַרקער האַנט פון מצרים און האָט אייך אויסגעלייזט פונם הויז פון קנעכטשאַפט, פון דער האַנט פון פרעה מלך מצרים.

און דערום זאָלסטו וויסן, אַז דיין גאָט איז דער איינציקער גאָט, דער געטרייער גאָט, וואָס היט דעם בונד און דעם חסד צו זיינע ליבהאָבער און צו די וואָס היטן זיין געבאָט אויף טויזנטער דורות, און ער באַצאָלט זיינע פיינט, אין זייער פנים (ביי זייער לעבן) צו אומברייננגען זיי; — ער פאַרשפעטיקט ניט צו באַשטראָפן זיין פיינט, נאָר נאָך ביי זיין לעבן באַצאָלט ער אים!

און דערום זאָלסטו אָפּהיטן דאָס געבאָט און די **חוקים** און **משפטים**, וואָס איך זאָג דיר היינט אָן צו טאָן זיי!

———::———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## משה׳ס ליבע צום פאָלק

משה האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט אויסגעשפּרייטע הענט און האָט געבעטן צו גאָט:

— כ׳בעט דיך, ליבער גאָט, לאָז מיך נאָך לעבן און לאָמיך קאָנען דערציילן נאָך אַסך פון דיינע גרויסע וואונדער!

האָט גאָט געזאָגט צו אים:

— משה, וויסן זאָלסטו, אַז אַזוי לאַנג ווי דו וועסט לעבן וועט דאָס פאָלק ניט קאָנען אַריינקומען אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד!

האָט משה געזאָגט:

— אָ, גאָט, איך וויל ניט, אַז איבער מיר זאָל דאָס פאָלק ליידן אַפילו איין קורצע רגע!

— אויב אַזוי, וואָס דען ווילסטו פון מיר איצט? — האָט גאָט געפרעגט.

— ליבער גאָט! — האָט משה געענטפערט — ווען דו האָסט אַרויסגעגעבן דיין גזירה אומצוברענגען די אידן פאַר די זינד פון עגל, האָב איך דאַן מיט מיין תפילה אויסגעבעטן פאַר זיי פאַרגעבונג, — אפשר וועל איך איצט מיט מיין געבעט אויך אויסבעטן פאַר זיך אַליין אַ פאַרגעבונג, אַז איך זאָל מעגן אַריינקומען אין לאַנד כנען!

האָט גאָט געזאָגט צו אים:

— משה, אויב איך וועל ברעכן מיין וואָרט וועגן דיר, וועל איך אויך מוזן ברעכן מיין וואָרט וועגן די אידן, און איך וועל צוריקציען מיין פאַרגעבונג אויף זייער זינד פון עגל!

ווען משה האָט דאָס דערהערט, האָט ער אַ פּאַרציטערטער אויס־געשריען:

— ניין, כ׳וויל ניט! בעסער זאָל איך שטאַרבן, און אַפילו נאָך אַזוינע הונדערט ווי איך, איידער עס זאָל, חלילה, געשען עפּיס שלעכטס אַ מינדסטן אידן!...

* * * *

2.

## מסירת נפש פאַר אידישקייט

"ואָהבת את ד׳ אלוהיך בכל לבבך ובכל נפשך" — דו זאָלסט ליב האָבן דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער נשמה!

האָט רבי עקיבאָ געזאָגט:

— די ליבע צו גאָט דאַרף זיין אַזוי שטאַרק, אַז ווען אַפילו מ׳נעמט ביי דיר צו דיין נשמה, זאָלסטו אַלץ בלייבן געטריי צו אים!

און ער האָט טאַקע אַליין אַזוי געטאָן.

דער קעניג האָט דאַמאָלט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אידן טאָרן ניט לערנען די אידישע תורה. האָט איינמאָל פּפוס בן יהודה גע־טראָפן רבי עקיבאָ׳ן, ווי ער האָט איינגעזאַמלט מענטשן און האָט מיט זיי געלערנט.

האָט אים פּפוס געפרעגט:

— עקיבאָ, ווי אַזוי האָסטו ניט מוראָ פאַרן קעניג? ער וועט דיך דאָך טייטן!

האָט רבי עקיבאָ אים געענטפערט:

— איך וועל דיר דערויף געבן אַ משל. אַ פוקס האָט אַרומגע־שפּאַצירט ביים ברעג פונם טייך און האָט געזען ווי די פיש שווימען איילנדיק פון איין אָרט צום אַנדערן. האָט ער זיי געפרעגט: "פיש, פאַרוואָס אַנטלויפט איר אַזוי?" האָבן זיי געזאָגט: "מיר אַנטלויפן

פאַר די נעצן, וואָס מענטשן שפּרייטן אויס פאַר אונז!" האָט דער פוקס געזאָגט: "אויב איר ווילט, קומט אַרויס צו מיר אויף דער יבשה, וועלן מיר וואוינען אינאיינעם, ווי מיינע עלטערן האָבן גע־וואוינט אַמאָל מיט אייערע עלטערן!" האָבן די פיש געענטפערט: "מ'זאָגט אויף דיר, אַז דו ביזט דער קליגסטער צווישן די חיות, און צום סוף רעדסטו ווי אַ שוטה. אויב מיר האָבן מורא דאָ אין וואַסער, וואָס איז דאָס אָרט פון אונזער לעבן, היינט ווי אַזוי דאַרפן מיר שוין מורא האָבן אויף דער יבשה, וואָס איז דאָס אָרט פון אונזער טויט?!"
— און מיט אונז, אידן, איז אויך אַזוי: אויב מיר האָבן מורא ווען מיר לערנען די תורה, וואָס זי גיט אונז לעבן, היינט ווי אַזוי דאַרפן מיר שוין מורא האָבן ווען מיר לערנען ניט קיין תורה, וואָס דאָס אַליין איז שוין אַ סכנה פאַר אונזער לעבן?!...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען רבי עקיבאַ'ן געכאַפּט און דער קעניג האָט אים פאַר'משפּט צום טויט, אָבער ער האָט זיין שטראָף אָנגענומען מיט שמחה, און געזאָגט:

— אַלע מיינע יאָרן האָב איך געטראַכט וועגן דעם מאָמענט, אַז איך זאָל קאָנען מקיים זיין די ווערטער "ובכל לבבך ובכל נפשך", צו ליב האָבן גאָט אַפילו ווען מ'נעמט ביי מיר צו מיין נשמה, און איצט בין איך גליקליך דאָס צו טאָן!

**און ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה מיטן וואָרט "א—ח—ד" אויף זיינע ליפּן...**

———:·:———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**לא תוסיפו — ולא תגרעו** (לייגט ניט צו און נעמט ניט אַראָפּ).

**חיים כולכם היום** (איר אַלע לעבט היינט).

**עם חכם ונבון** (אַ קלוג און פאַרשטאַנדיק פאָלק).

**בנים ובני-בנים** (קינדער און קינדס-קינדער).

**עץ ואבן** (האָלץ און שטיין):

אויף גראָבע קעפּ זאָגט מען: "עצים ואבנים".

**בתים מלאים כל-טוב** (הייזער פול מיט אַלדאָס גוטס):

אַנשטאָט: אַלדאָס גוטס זאָגט מען: "כל טוב".

**הישר והטוב** (דאָס רעכטפאַרטיקע און גוטע).

**עם סגולה** (אַ ליב פאָלק).

———::———

סדרה

# עקב

(דערפאַר)

## שכר פאַר אָפּהיטן די געזעצן

### 1) שפע און געזונט

און עס וועט זיין, דערפאַר וואָס איר וועט צוהערן דידאָזיקע געזעצן און איר וועט זיי אָפּהיטן און זיי טאָן, וועט דיין גאָט היטן דיר דעם בונד און דאָס גענאָד (חסד) וואָס ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן.

און ער וועט דיך ליב האָבן, און וועט דיך בענטשן, און וועט דיך מערן, און וועט בענטשן די פרוכט פון דיין לייב (די קינדער), און די פרוכט פון דיין ערד: דיין תבואה, און דיין וויין, און דיין אויל; די געבורט פון דיינע רינדער, און דאָס פרוכטפערונג פון דיינע שאָף אויף דער ערד, וואָס ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן צו געבן דיר.

דו וועסט זיין געבענטשטער פון אַלע פעלקער. עס וועט ניט זיין קיין עקר און קיין עקרה (מאַן און פרוי וואָס קאָנען קיין קינדער ניט האָבן) ביי דיר און ביי דיינע בהמות.

און גאָט וועט אָפּטאָן פון דיר יעדער קראַנקשאַפט, און אַלע שלעכטע וויטאָקן פון מצרים, וואָס דו קענסט זיי, וועט ער זיי אויף דיר ניט אָנשיקן, נאָר ער וועט זיי געבן אויף אַלע דיינע שונאים.

## 2) זיכערקייט אין לאַנד

און דו זאָלסט פאַרצערן אַלע פעלקער, וואָס גאָט גיט דיר. דיין אויג זאָל זיך ניט דערבאַרעמען אויף זיי, און זאָלסט ניט דינען זייערע געטער, וואָרים דאָס וועט דיר זיין אַ שטרויכלונג (מכשול, סטאָמ-בלינג).

טאָמער וועסטו טראַכטן ביי זיך אין האַרצן: דידאָזיקע פעל-קער זיינען מער פון מיר, ווי אַזוי וועל איך זיי קאָנען פאַרטרייבן? — זאָלסטו פאַר זיי קיין מורא ניט האָבן! געדענקען דאַרפסטו וואָס דיין גאָט האָט געטאָן צו פרעה'ן און צו גאַנץ מצרים. די גרויסע נסים, און די צייכנס, און די וואונדער און די שטאַרקע האַנט, און דעם אויסגעשטרעקטן אָרעם, וואָס דו האָסט געזען מיט דיינע אויגן, ווען גאָט האָט דיך אַרויסגעצויגן פון מצרים, — אָט אַזוי וועט דיין גאָט טאָן צו אַלע פעלקער וואָס דו האָסט מורא פאַר זיי!

און אויך די גיפטיקע בין וועט דיין גאָט אָנשיקן אויף זיי, ביז עס וועלן אומקומען די אַלע וואָס זיינען געבליבן און האָבן זיך אויס-באַהאַלטן פאַר דיר. זאָלסט זיך ניט שרעקן פאַר זיי, וואָרים דיין גאָט איז צווישן דיר, אַ גרויסער און פאָרכטיקער גאָט!

און דיין גאָט וועט פאַרוואַרפן פאַר דיר דידאָזיקע פעלקער בים-לאַכווייז; — וואָרים קאָנסט זיי ניט פאַרטיליקן אויף גיך מיטאַמאָל, כדי די פעלד-חיות זאָלן זיך ניט מערן אויף דיר (ווען דאָס לאַנד וועט בלייבן שיטער באַזעצט).

און דיין גאָט וועט זיי איבערגעבן צו דיר, און ער וועט זיי צע-טומלען מיט אַ גרוים טומלעניש, ביז זיי וועלן פאַרטיליקט ווערן. און ער וועט איבערגעבן זייערע מלכים אין דיין האַנט, און דו וועסט אומברענגען זייער נאָמען פון אונטערן הימל; קיינער פון זיי וועט ניט בלייבן שטייען פאַר דיר, ביז דו וועסט זיי פאַרטיליקן.

זייערע געשניצטע געטער זאָלט איר פאַרברענען אין פייער. זאָלסט ניט גלוסטן דאָס זילבער און גאָלד וואָס אויף זיי און עס צו-נעמען פאַר זיך, כדי דו זאָלסט ניט געשטרויכלט ווערן דורכדעם, וואָרים אַן אומווערדיגקייט ביי דיין גאָט איז דאָס. און זאָלסט ניט

אַריינברייגנגען קיין אומוועדדיגקייט אין דיין הויז און דו זאָלסט ווערן חרם, אַזוי ווי דאָס איז, — פאַר׳מיאוס׳ן זאָלסטו עס, און פאַראומ־ווערדיקן זאָלסטו עס, וואָרים עס איז חרם!

* * * *

## די פּרוּאוואונגען אין מדבר

דאָס גאַנצע געבאָט, וואָס איך זאָג דיר, ישראל, היינט אָן, זאָלט איר אָפּהיטן צו טאָן, כדי איר זאָלט לעבן און זיך מערן און קומען ירש׳ענען דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו אייערע עלטערן.

און זאָלסט געדענקען דעם גאַנצן וועג, וואָס דיין גאָט האָט דיך געפירט שוין פערציק יאָר אין מדבר, כדי צו פייניקן דיך און צו פּרואוון דיך, צו וויסן וואָס ביי דיר אין האַרצן איז, אויב דו וועסט היטן זיינע געבאָט אָדער ניט.

און ער האָט דיך געפייניקט און האָט דיך אויסגעהונגערט, און האָט דיך געשפּייזט מיט מן, וואָס ניט דו האָסט דערפון געוואוסט און ניט דיינע עלטערן האָבן געוואוסט, כדי צו מודיע זיין דיר, אַז ניט אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש, נאָר אויף אַלץ וואָס קומט אַרויס פון גאָט׳ס מויל לעבט דער מענטש.

דיין קלייד איז ניט אָפּגעטראָגן (אָפּגענוצט) געוואָרן אויף דיר, און דיין פוס איז ניט געשוואָלן געוואָרן אין משך פון די פערציק יאָר.

דערפאַר דאַרפסטו וויסן ביי זיך אין האַרצן, אַז פונקט ווי איינער טוט שטראָפן זיין זון, אַזוי שטראָפט דיך דיין גאָט (ניט פאַר שנאָה, נאָר פאַר אהבה). און דו זאָלסט אָפּהיטן דיין גאָט׳ס געבאָט, צו גיין אין זיינע וועגן און מורא צו האָבן פאַר אים.

* * * *

## די שבחים פון לאַנד

וואָרים דיין גאָט ברייגנגט דיך אין אַ גוט לאַנד. אַ לאַנד פון טייכן וואַסער. קוואַלן און טיפע וואַסער־אָפּגרונטן וואָס גייען אַרויס אין טאָל און אין באַרג.

אַ לאַנד פון ווייץ, און גערשטן, און וויינשטאָקן, און פייגן, און מילגרוימן, אַ לאַנד פון אייל־בירט־בוימל און האָניק.

אַ לאַנד, וואָס ניט אין אָרימקייט וועסטו דאָרטן עסן ברויט, עס וועט דיר דאָרטן קיין זאַך ניט פעלן.

אַ לאַנד, וואָס די שטיינער פון דעם זיינען אייזן, און פון די בערג וועסטו האַקן קופּער.

און דו וועסט עסן און זיין זאַט, און דו זאָלסט בענטשן דיין גאָט פאַר דעם גוטן לאַנד, וואָס ער האָט דיר געגעבן.

היט זיך, דו זאָלסט דיין גאָט ניט פאַרגעסן, און־דערום־ניט אָפּהיטן זיינע געבאָט, זיינע משפטים און זיינע חוקים, וואָס איך זאָג דיר היינט אָן!

* * * *

## וואָרענונג קעגן עבודה־זרה

טאָמער, אָבער, וועסטו עסן און זאַט ווערן, און גוטע הייזער וועסטו זיך אויסבויען און באַוואוינען, און דיינע רינדער און שאָף וועלן זיך מערן, און זילבער און גאָלד וועסטו האָבן אַסך, און אַלץ וואָס דו האָסט וועט זיך פאַרמערן, — וועט זיך דיין האַרץ דער־הויבן, און דו וועסט פאַרגעסן אָן דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויס־געצויגן פון לאַנד מצרים, פונם הויז פון קנעכטשאַפט; און וואָס האָט דיך געפירט אין דעם גרויסן שרעקליכן מדבר, וואָס איז פול מיט ברענענדיקע שלאַנגען און עקדישן (סקאָרפּיאָנען), און אין אַ טרוקן אָרט, וואו עס איז קיין וואַסער ניטאָ, האָט ער דיר אַרויסגעצויגן

וואַסער פונם קיזלשטיין; וואָס האָט דיך געשפּייזט אין מדבר מיט מן, וואָס דיינע עלטערן האָבן דערפון ניט געוואוסט, כדי צו פּייניקן דיך און צו פּרואוון דיך, און דיר דערנאָך גוטס טאָן, — וועסטו ביי זיך אין האַרצן וועלן זאָגן: "דאָסדאָזיקע גאַנצע פאַרמעגן האָט מיין כח און די מאַכט פון מיין האַנט אַליין מיר געשאַפן".

זאָלסט געדענקען דיין גאָט! וואָרים ער איז דער וואָס גיט דיר כח צו שאַפן פאַרמעגן, כדי צו מקיים זיין זיין בונד וואָס ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן.

און עס וועט זיין, אויב דו וועסט פאַרגעסן אָן דיין גאָט, און דו וועסט גייען נאָך פרעמדע געטער און זיי דינען און בוקן זיך צו זיי, — וואָרן איך אייך היינט, אַז איר וועט פאַרלאָרן ווערן; אַזוי ווי די פעלקער, וואָס גאָט מאַכט פאַרלירן פאַר אייך, אַזוי וועט איר אומקומען, דערפאַר וואָס איר וועט ניט צוהערן צום קול פון אייער גאָט!

* * * *

## וואָרענונג קעגן גרויסהאַלטונג

הער, ישראל! דו גייסט היינט אַריבער דעם ירדן צו קומען און ירש'ענען פעלקער, גרעסערע און שטאַרקערע פון דיר, שטעט גרויסע און באַפעסטיקטע ביזן הימל, אַ פאָלק גרויס און הויך, בני־ענקים, וואָס דו ווייסט און האָסט געהערט זאָגן: "ווער קאָן זיך שטעלן אַקעגן די בני־ענק?" — זאָלסטו וויסן היינט, אַז דיין גאָט, ער איז דער וואָס גייט אַריבער דיר פאַראויס, אַ פייער וואָס פאַרצערט, ער וועט זיי פאַרטיליקן און ער וועט זיי אונטערטעניק מאַכן פאַר דיר, און דו וועסט זיי פאַרטרייבן און גיך אומברייננגען, אַזוי ווי גאָט האָט דיר צוגעזאָגט.

זאָלסט ניט טראַכטן אין דיין האַרצן, ווען דיין גאָט וועט זיי אַרויסשטויסן פאַר דיר, אַזוי זאָגנדיק: "דאָס איז פאַר מיין גע־רעכטיגקייט האָט מיך גאָט געבראַכט צו ירש'ענען דאָסדאָזיקע

לאַנד, און פאַר דעם שלעכטיגקייט פון דידאָזיקע פעלקער פאַר־טרייבט ער זיי פאַר דיר!"

ניט פאַר דיין גערעכטיגקייט און פאַר דעם יושר פון דיין האַרצן קומסטו ירש'ענען זייער לאַנד; נאָר פאַר דעם שלעכטיגקייט פון דידאָזיקע פעלקער פאַרטרייבט ער זיי פאַר דיר, און כדי צו מקיים זיין וואָס ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, צו אברהמ'ען, צו יצחק'ן און צו יעקב'ן, — און וויסן זאָלסטו, אַז ניט פאַר דיין גע־רעכטיגקייט, וואָרים דו ביזט אַן "עם קשה עורף" (האַרטנעקיק פאָלק).

געדענק, פאַרגעס ניט, ווי דו האָסט דערצאָרנט דיין גאָט אין מדבר, פון יענעם טאָג וואָס דו ביזט אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מצרים, ביז איר זיינט געקומען צו דעמדאָזיקן אָרט, — ווידערשפּעניקער זיינט איר תמיד געווען אַקעגן גאָט!

* * * *

## די זינד מיטן עגל

און אין חורב האָט איר דערצערנט גאָט, און גאָט איז אין כעס געוואָרן אויף אייך און געוואָלט פאַרטיליקן אייך.

ווען איך בין אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג צו נעמען די שטיינערנע טאָוולען, די לוחות פונם בונד, וואָס גאָט האָט מיט אייך געשלאָסן, און איך בין געבליבן אויפן באַרג פערציק טעג און פערציק נעכט, קיין ברויט האָב איך ניט געגעסן און קיין וואַסער האָב איך ניט גע־טרונקען. און גאָט האָט מיר געגעבן די צוויי שטיינערנע לוחות, געשריבן מיט "גאָט'ס פינגער", און אויף זיי איז געווען אָנגעשריבן אַלע רייד וואָס גאָט האָט מיט אייך גערעדט אויפן באַרג פון מיטן פייער אין טאָג פון יענעם איינזאַמלונג.

און עס איז געווען צום סוף פון די פערציק טעג און די פערציק נעכט, האָט מיר גאָט געגעבן די צוויי שטיינערנע טאָוולען, די לוחות

פון בונד. און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: "שטיי אויף, נידער אַראָפּ גיך פון דאַנען, וואָרים דיין פאָלק וואָס דו האָסט אַרויסגעצויגן פון מצרים איז פאַרדאָרבן געוואָרן; זיי האָבן גיך אָפּגעקערט פון וועג, וואָס איך האָב זיי באַפוילן, — זיי האָבן געמאַכט אַ געגאָסענעם אָפּגאָט" (דאָס עגל).

און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: "איך האָב געזען דאָסדאָזיקע פאָלק, און עס איז אַ האַרטנעקיק פאָלק (עם קשה־עורף)! לאָז מיך אָפּ, און איך וועל זיי פאַרטיליקן, און וועל אָפּמעקן זייער נאָמען פון אונטערן הימל; און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ פאָלק, אַ שטאַר־קערם און אַ גרעסערס פון יענעם!"

* * * *

## משה צעברעכט די לוחות

און איך האָב זיך אומגעקערט און האָב אַראָפּגענידערט פונם באַרג, און דער באַרג האָט דאַן געברענט אין פייער, און די צוויי לוחות פון בונד אויף מיינע ביידע הענט. און איך האָב דערזען, אַז איר האָט געזינדיקט אַקעגן אייער גאָט, איר האָט זיך געמאַכט אַ געגאָסענעם קאַלב, — איר האָט גיך אָפּגעקערט פון וועג וואָס גאָט האָט באַפוילן.

האָב איך אָנגענומען די צוויי לוחות און האָב זיי אַראָפּגע־וואָרפן פון מיינע ביידע הענט און האָב זיי צעבראָכן פאַר אייערע אויגן.

און איך בין געפאַלן פאַר גאָט (אַרויפגייענדיק צום צווייטן מאָל אויפן באַרג), און אַזוי ווי דאָס ערשטע מאָל בין איך געבליבן דאָרטן פערציק טעג און פערציק נעכט, קיין ברויט האָב איך ניט געגעסן און קיין וואַסער האָב איך ניט געטרונקען, איבער אַלע אייערע זינד וואָס איר האָט געזינדיקט צו טאָן וואָס איז שלעכט אין גאָט'ס אויגן, צו דערצערענען אים.

ווארים איך האָב מורא געהאַט פאַר דעם כעס און דעם גרימ־צאָרן, וואָס גאָט האָט אויף אייך געצערנט צו פאַרטיליקן אייך. און גאָט האָט אויך יענעם מאָל צוגעהערט צו מיר.

און אויף אהרנ׳ען האָט גאָט זייער שטאַרק געצערנט, צו פאַר־טיליקן אים, — האָב איך אויך פאַר אהרנ׳ען געבעטן אין יענער צייט.

און אייער זינד, דאָס עגל וואָס איר האָט געמאַכט, האָב איך עס גענומען און האָב עס פאַרברענט אין פייער, און האָב עס צע־שטויסן און צעמאָלן זייער גוט, ביז עס איז געוואָרן דין ווי שטויב, און איך האָב דעם שטויב זיינעם אַריינגעוואָרפן אין טייך, וואָס נידערט אַראָפּ פון באַרג.

* * * *

## נאָך זינד אין מדבר

אויך אין תבערה (וואו איר האָט זיך באַקלאָגט אויף גאָט, אַז איר האָט ניט וואָס צו עסן און צו טרינקן), און אין מסה (וואו איר האָט געוויינט נאָך וואַסער), און אין קברות־התאוה (וואו איר האָט געשריען נאָך פלייש), — איר האָט געהאַלטן אין איין דערצערענען גאָט!

און אַז גאָט האָט אייך געשיקט פון קדש־ברנע, אַזוי צו זאָגן: "גייט אַרויף און ירש׳ענט דאָס לאַנד, וואָס איך האָב אייך געגעבן", האָט איר ווידערשפּעניקט דעם באַפעל פון אֵייער גאָט, און איר האָט אים ניט געגלויבט און ניט געפאָלגט, — איר האָט געהאַלטן אין איין ווידערשפּעניקן גאָט פון זינט איך קען אייך!

* * * *

## משה טוט תפילה צו גאָט

און איך בין געפאַלן פאַר גאָט די אַלע פערציק טעג און פער־

ציק נעכט, וואָס גאָט האָט אייך געוואָלט פאַרטיליקן. און איך האָב געבעטן צו גאָט און האָב געזאָגט:

"גאָט, דו אייביקער! זאָלסט ניט אומברענגען דיין פאָלק און דיין נחלה, וואָס דו האָסט אויסגעלייזט מיט דיין גרויסקייט, און וואָס דו האָסט אַרויסגעצויגן פון מצרים מיט אַ שטאַרקער האַנט! געדענק דיינע קנעכט, אברהם, יצחק און יעקב! זאָלסט זיך ניט אומקוקן אויף דעם האַרטקייט פון דעמדאָזיקן פאָלק און אויף זיין שלעכטיגקייט און אויף זיינע זינד! כדי דאָס לאַנד, פון וואַנען דו האָסט אונז אַרויסגעצויגן זאָל ניט זאָגן, אַז ווייל גאָט קאָן ניט אַריינ־ברענגען זיי אין דעם לאַנד וואָס ער האָט זיי צוגעזאָגט, און ווייל ער האָט זיי פיינט, האָט ער זיי אַרויסגעצויגן צו טויטן אין מדבר! און זיי, די אידן, זיינע דאָך דיין פאָלק און דיין נחלה, וואָס דו האָסט אַרויסגעצויגן מיט דיין גרויסן כח און מיט דיין אויסגעשטרעקטן אָרעם!"

* * * *

## די צווייטע לוחות

אין יענער צייט האָט גאָט צו מיר געזאָגט:

"האַק דיר אויס צוויי שטיינערנע לוחות, אַזוי ווי די ערשטע, און קום אַרויף צו מיר אויפן באַרג. און זאָלסט דיר מאַכן אַן אָרון פון האָלץ. און איך וועל אויפשרייבן אויף די לוחות די ווערטער, וואָס זיינען געווען אויף די ערשטע לוחות, וואָס דו האָסט צעבראָכן, און דו זאָלסט זיי אַריינלעגן אין אָרון!"

האָב איך געמאַכט אַן אָרון פון שיטים האָלץ. און איך האָב אויסגעהאַקט צוויי שטיינערנע לוחות אַזוי ווי די ערשטע, און בין אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג מיט די צוויי לוחות אין מיין האַנט.

און ער האָט אויפגעשריבן אויף די לוחות, אַזוי ווי דאָס ערשטע געשריפט (כתב): די צען געבאָט, וואָס גאָט האָט גערעדט צו אייך אויפן באַרג פון מיטן פייער, אין טאָג פון איינזאַמלונג, און גאָט האָט זיי מיר געגעבן.

און איך האָב זיך אומגעקערט און האָב אַראָפּגענידערט פון באַרג, און האָב אַריינגעלעגט די לוחות אינם אָרון וואָס איך האָב געמאַכט, אַזוי ווי גאָט האָט מיר באַפוילן.

אין יענער צייט האָט גאָט אָפּגעטיילט דעם שבט לוי צו טראָגן דעם אָרון פון גאָט'ס בונד, צו שטייען פאַר גאָט, און צו באַדינען אים און בענטשן אין זיין נאָמען (ברכות כהנים! די כהנים קומען אויך פון שבט לוי!) ביז היינטיקן טאָג. דערום האָט דער שבט לוי ניט געקראָגן קיין שום חלק און נחלה מיט זיינע ברידער — גאָט איז זיין נחלה!

און איך בין געבליבן שטייען אויפן באַרג, אַזוי ווי די ערשטע טעג, פערציק טעג און פערציק נעכט. און גאָט האָט מיך צוגעהערט אויך דאָס מאָל, — ער האָט ניט געוואָלט דיך אומברייינגען.

און גאָט האָט צו מיר געזאָגט: "שטיי אויף, גיי, צי פאָראויס דעם פאָלק, און זאָלן זיי קומען און ירש'ענען דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו זייערע עלטערן צו געבן זיי!"

* * * *

## ליבע און מוראָ
(אהבה ויראָה)

און אַצינד, ישראל, וואָס פאַרלאַנגט דיין גאָט פון דיר? — נאָר בלויז מוראָ צו האָבן פאַר דיין גאָט, צו גייען אין אַלע זיינע וועגן, און ליב צו האָבן אים, צו דינען אים מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער זעל, צו אָפּהיטן זיינע געבאָט און זיינע געזעצן, וואָס איך זאָג דיר היינט אָן, כדי עס זאָל דיר גוט זיין!

זע, צו דיין גאָט געהערט דער הימל און דעם הימל'ס-הימלען, די ערד און אַלץ וואָס אויף איר. נאָר צו דיינע עלטערן האָט גאָט געגלוסט, צו ליב האָבן זיי, און ער האָט אויסדערוויילט זייערע קינ-דער נאָך זיי, — דאָס הייסט: פון אַלע פעלקער האָט ער אייך אויסגעקליבן, אַזוי ווי היינטיקן טאָג.

און דערום זאָלט איר "אויפשניידן דאָס פאַרשטאָפּונג פון אייער האַרצן", (אייער האַרץ זאָל זיין אָפן צו גאָט) און אייער "נאַקן זאָלט איר מער ניט האַרט מאַכן" (ניט זיין קיין עקשנים).

וואָרים אייער גאָט, דער אייביקער, ער איז דער גאָט פון אַלע געטער, און דער האַר פון אַלע האַרן, — דער גרויסער, שטאַרקער, פאָרכטיקער גאָט, וואָס חנפ'עט ניט (איז ניט נושא־פנים, שוינט ניט קיינעם), און נעמט ניט קיין שוחד (כאַבאַר, ברייבערי), ער טוט אַ געררעכטן דין צו דעם יתום און דער אַלמנה, און ער האָט ליב דעם פרעמדן (גר), צו געבן אים ברויט און אַ קלייד. און איר זאָלט ליב האָבן דעם גר, ווייל פרעמדע זיינט איר געווען אין לאַנד מצרים. פאַר דיין גאָט זאָלסטו מורא האָבן, און אים זאָלסטו דינען, און אָן אים זאָלסטו זיך באַהעפטן, און אין זיין נאָמען זאָלסטו שווערן. ער איז דיין לויב און ער איז דיין גאָט, וואָס האָט מיט דיר געטאָן די דאָזיקע גרויסע און פאָרכטיקע זאַכן, וואָס דיינע אויגן האָבן געזען!

מיט זיבעציק נפשות האָבן דיינע עלטערן געניטערט קיין מצרים, און אַצינד האָט דיך דיין גאָט געמאַכט אַזויפיל, ווי די שטערן פון הימל!

און דערום זאָלסטו ליב האָבן דיין גאָט און דו זאָלסט אָפּהיטן זיינע חוקים און משפטים און זיינע געבאָט אויף אייביק!

און איר זאָלט וויסן היינט, אַז איך רעד דאָ ניט איצט מיט אייערע קינדער, וואָס האָבן ניט געקענט און ניט געזען די שטראָף פון אייער גאָט, זיין גרויסקייט, זיין שטאַרקע האַנט און זיין אויס־געשטרעקטן אָרעם, און זיינע צייכנס, און זיינע מעשים וואָס ער האָט געטאָן אין מצרים צו פרעה'ן און צו זיין גאַנצן לאַנד. און וואָס ער האָט געטאָן צו אייך אין מדבר, ביז איר זייט געקומען צו דעם־דאָזיקן אָרט. און וואָס ער האָט געטאָן צו דתן און אבירם, וואָס די ערד האָט אויפגעעפנט איר מויל און האָט זיי איינגעשלונגען מיט זייערע הויזגעזינטן און זייערע געצעלטן און זייער גאַנצן פאַרמעגן וואָס הינטער זיי אין מיטן פון גאַנץ ישראל (די שטראָף פון קורח

און זיין עדה) ; — ווארים אייערע אויגן האבן געזען די אלע גרויסע מעשים פון גאט !

זאלט איר דערום היטן דאס גאנצע געבאט, וואס איך באפויל אייך היינט, כדי איר זאלט זיין שטארק און קומען און ירש'ענען דאס לאנד, וואוהין איר גייט אריבער צו ירש'ענען, און כדי איר זאלט מאריך ימים זיין אויף דער ערד, וואס גאט האט געשווארן צו אייערע עלטערן צו געבן צו זיי און צו זייערע קינדער, — א לאנד וואס פליסט מיט מילך און האניג !

ווארים דאס לאנד, וואס דו קומסט אהין צו ירש'ענען, איז ניט אזוי ווי דאס לאנד מצרים, פון וואנען דו ביזט ארויסגעגאנגען, וואס אז דו האסט פארזייט דיין זאמען, האסטו באוואסערט מיט דיין פוס, אזוי ווי א גארטן פון גרינס (וואס מ'.ציט וואסער מיט א ראד, דריי־ענדיק מיטן פוס צו באוואסערן עס) ; — נאר דאס לאנד, וואוהין איר גייט אריבער צו ירש'ענען, איז א לאנד פון בערג און טאלן, — פון רעגן פון הימל טרינקט עס וואסער ; א לאנד, וואס דיין גאט גיט אכטונג דערויף, תמיד זיינען די אויגן פון דיין גאט אויף דעם, פון אנהויב יאר ביז סוף יאר.

* * * *

## לוין און שטראף
(שכר ועונש)

און עס וועט זיין, אויב איר וועט צוהערן צו מיינע געבאט, וואס איך באפויל אייך היינט, צו ליבען אייער גאט און צו דינען אים מיט אייער גאנצן הארצן און מיט אייער גאנצער זעל, — וועל איך געבן דעם רעגן פון אייער לאנד אין זיין צייט, פרי־רעגן און שפעט־רעגן, און דו וועסט איינזאמלען דיין תבואה, און דיין וויין, און דיין אייל. און איך וועל געבן גראז אין דיין פעלד פאר דיין בהמה, און דו וועסט עסן און זאט זיין.

היט זיך, טאמער וועט אייער הארץ איבערגערעדט ווערן, און

איר וועט אָפּקערן און דינען פרעמדע געטער און איר וועט זיך צו זיי בוקן, — וועט גאָט'ס צאָרן ברענען אויף אייך, און ער וועט פאַר־שפּאַרן די הימלען און קיין רעגן וועט ניט זיין, און די ערד וועט ניט אַרויסגעבן איר פּרוכט, און איר וועט גיך אומקומען פונם גוטן לאַנד, וואָס גאָט גיט אייך.

און איר זאָלט אַריינטאָן דידאָזיקע ווערטער מיינע אין אייער האַרצן און אין אייער זעל. און איר זאָלט זיי אָנבינדן פאַר אַ צייכן אויף אייער האַנט, און זיי זאָלן זיין פאַר אַ שטערנבאַנד צווישן אייע־רע אויגן (די חכמים לערנען דערפון, אַז דאָס מיינט לעגן תפילין).

און איר זאָלט זיי לערנען צו אייערע קינדער, צו רעדן דערפון, ווען דו זיצסט אין דיין הויז, און ווען דו גייסט אין וועג, און ווען דו לעגסט זיך, און ווען דו שטייסט אויף.

און דו זאָלסט זיי אויפשרייבן אויף די ביישטידלאַך פון דיין הויז, און אויף דיינע טויערן (מזוזות). כדי אייערע טעג און די טעג פון אייערע קינדער זאָלן זיך מערן אויף דער ערד, וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו געבן צו אייערע עלטערן, — אַזוי לאַנג ווי די טעג פון הימל איבער דער ערד, אַזוי לאַנג וועט איר לעבן!

וואָרים אויב איר וועט אָפּהיטן די אַלע געבאָט, וואָס איך זאָג אייך אָן צו טאָן, צו ליב האָבן אייער גאָט, דעם אייביקן, צו גייען אין זיינע וועגן און צו באַהעפטן זיך אָן אים, וועט ער פאַרטרייבן די־דאָזיקע אַלע פעלקער פאַר אייך, און איר וועט זיי ירש'ענען, פעל־קער גרעסערע און שטאַרקערע פון אייך. יעדער אָרט, וואָס אייער פוסטריט וועט דערויף טרעטן, וועט געהערן צו אייך, פונם מדבר (קדש) און דעם לבנון, פונם טייך פרת און ביזן הינטערשטן ים (מיטלענדישער) וועט זיין אייער גרענעץ.

קיינער וועט ניט קאָנען באַשטיין אַקעגן אייך. אייער פחד און אייער מורא וועט אייער גאָט געבן אויפן גאַנצן לאַנד, וואָס איר וועט טרעטן דערויף, אַזוי ווי גאָט האָט אייך צוגעזאָגט!

———:::———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## צופיל וואוילטאָג ברייננט צו זינד

משה זאָגט אָן די אידן:

"טאָמער וועסטו עסן און זאַט ווערן, און גוטע הייזער וועסטו זיך אויסבויען, און דיינע שאָף און רינדער וועלן זיך מערן, און זיל־בער און גאָלד וועסטו האָבן אַסך, — וועט זיך דיין האַרץ דערהויבן, און דו וועסט פאַרגעסן אָן דיין גאָט"...

ווייל משה האָט גוט געוואוסט די טבע פון אַ מענטשן, אַז ווען ער האָט צופיל וואוילטאָג, זינדיגט ער, דערום האָט ער געוואָרנט פריער. (וישמן — ויבעט!)

ווען גאָט איז אין כעס געוואָרן אויף די אידן דערפאַר וואָס זיי האָבן געמאַכט דאָס גאָלדענע קאַלב און זיך געפרייט דערמיט, האָט משה פאַרענטפערט די אידן, אַז דאָס רייכקייט האָט זיי איבערגע־פירט.

— רבונו של עולם! — האָט משה דאַמאָלט גע'טענה'ט — ס'איז ניט די אידנ'ס שולד! ווען דו וואָלסט זיי ניט געווען געבן אַזויפיל גאָלד און זילבער, וואָלטן זיי אָן דיר ניט געווען פאַרגעסן!...

2.

**רב אושעיא האָט דערויף געגעבן אַזאַ משל:**

איינער האָט געהאַט אַ קו, איז די קו געווען זייער מאָגער און אויסגעדאַרט, הויט און ביינער. איז זי תמיד געווען שטיל און רו־

היק, האָט קיינעם ניט אָנגערירט ניט מיט די הערנער און ניט מיט די פּים.

האָט דער באַלעבאָס אָנגעהויבן צו געבן איר גוטע פּאַשע און נאָך צוגעמישט אַזוינע אַרבעס וואָס זיינען זייער נאַרהאַפּט, איז די קו געוואָרן פעט און האָט אָנגעהויבן צו בריקען און צו שטויסן.

האָט דער פּאַסטוך געזאָגט צום באַלעבאָס:

— ווער איז דען שולדיג אין דעם וואָס די קו איז געוואָרן ווילד? ווען דו וואָלסט איר ניט געוועזן געבן אַזויפיל צו עסן, וואָלט זי ניט אַזוי פעט געוואָרן און וואָלט געוועזן שטיל ווי פריער!...

3.

רבי חייא בר אבא האָט אין רבי יוחנן׳ס נאָמען געגעבן אַן׳אַנדער משל:

איינער אַ פאָטער האָט געהאַט אַ בן יחיד, האָט ער אים זייער ליב געהאַט, און האָט אים געגעבן אַלע פאַרגעניגענס אין דער וועלט: ער פלעג אים באָדען און שמירען מיט די בעסטע פּאַרפיומען, אָנטאָן אים די שענסטע קליידער, שפּייזן אים מיט די בעסטע מאכלים און געבן אים צו טרינקען די בעסטע וויינען. דערצו נאָך פלעגט ער אים אויפהענגען אַ בייטעל מיט געלט אויפן האַלז און אים אַוועקזעצן צווישן אַלע אויסגעלאַסענע מענער און פרויען. נו, וואָס האָט דערדאָזיקער זון געזאָלט טאָן, אויב ניט זינדיקן? (מה יעשה הבן, שלא יחטא?)

4.

רב ששת האָט דערויף געזאָגט דאָס ווערטל:

— פון אַ פולן בויך קומען אַרויס אַלערליי שלעכטס! (מלי כריסיה — זני בישי).

* * * *

## 2.

## דער מאַן וואָס האָט זיך פאַרגעסן

די תורה האָט געוואָרנט:

"היט זיך, טאָמער ו'עסטו עסן און זאַט זיין, און גוטע הייזער וועסטו דיר אויסבויען, און רינדער און שאָף וועסטו האָבן אסך, און פיל זילבער און גאָלד וועסטו פאַרמאָגן, וועט זיך דיין האַרץ דער־הויבן און דו וועסט זיך פאַרגעסן, אַז דו ביזט געווען אַ קנעכט"...

ווערט דערציילט אַ שיינע לעגענדע וועגן דעם:

געווען אַמאָל אַ פרומער, ערליכער מאַן, וואָס איז געווען זייער אָרים, און דאָך האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט אָננעמען קיין מענטשנ'ס הילף.

איינמאָל, ווען ער איז שוין געלעגן אַ נאַקעטער און אַ פאַר־שמאַכטער (לאַנגגווישד) פון הונגער, איז צו אים צוגעקומען אליהו הנביא אין געשטאַלט פון אַ סוחר און האָט אים געזאָגט:

— קיין מתנה ווילסטו טאַקע ניט נעמען פון קיינעם, אָבער איך וויל דיר אויסלייען צוויי זילבערשטיק, וועסטו קאָנען האַנדלען און זיך פאַרדינען אויף דיין לעבן!

האָט דער פרומער מאַן אָנגענומען ביי אים די הלואה.

און אַזוי פלעגט אליהו קומען צו אים אָפט און אים לייען וואָס אַמאָל אַלץ מער געלט, ביז ער איז אַזוי שטאַרק באַרייכט געוואָרן, אַז ער האָט פאַרגעסן אָן זיין פרומקייט אינגאַנצן.

האָט גאָט געזאָגט צו אליהו הנביא:

— זע, וואָס רייכקייט ברענגט. ווען דער מאַן איז געווען אָרים, איז ער געווען פרום און ערליך, און איצט, ווען ער איז רייך געוואָרן, האָט ער זיך שוין פאַרגעסן! גע, און נעם ביי אים אָפּ צוריק דיין הילף!

איז אליהו געקומען צו יענעם מאַן און געפאָדערט צוריק זיין הלואה. און פון יענעם טאָג אָן האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין

רייכקייט ביז ער איז געוואָרן אַ "יורד" (אימפּאָווערישד), אַן אָרימאַן ווי פריער.

אין אַ צייט אַרום האָט אים אליהו הנביא ווידער געפונען ליגנ־ דיק אַ נאַקעטער און אַ פאַרהונגערטער, איז ער צוגעקומען צו אים און געזאָגט:

— איצט זעסטו, פאַרוואָס די תורה האָט געוואָרנט. דערפאַר וואָס דו האָסט זיך פאַרגעסן, ביזטו איצט פון אַלעמען פאַרגעסן געוואָרן!...

——:·——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**כי לא על הלחם לבדו יחיה האָדם...** (וואָרים ניט אויף ברויט אַליין טוט לעבן דער מענטש).

**לא בצדקתך** (ניט דורך דיין גערעכטיגקייט):

אָנשטאָט: ניט אין דיין זכות... ניט צוליב דעם וואָס דו ביזט אַ צדיק...

**זכור, אל תשכח** (געדענק, פאַרגעס ניט!)

**לחם לא אָכלתי ומים לא שתיתי** (קיין ברויט האָב איך ניט געגעסן און קיין וואַסער האָב איך ניט געטרונקען).

**הרף ממני** (לאָז מיך אָפּ).

**מראשית השנה ועד אחרית שנה** (פון אָנהויב יאָר ביז'ן סוף יאָר).

———::———

סדרה

# ראה

(זע)

## די ברכה און די קללה

זע, איך גיב פאַר אייך היינט אַ ברכה און אַ קללה: די ברכה — אויב איר וועט צוהערן צו די געבאָט פון אייער גאָט, וואָס איך זאָג אייך היינט אָן; און די קללה — אויב איר וועט ניט צוהערן צו די געבאָט פון אייער גאָט, און איר וועט אָפּקערן פון דעם וועג, וואָס איך זאָג אייך היינט אָן, צו גייען נאָך פרעמדע געטער, וואָס איר קענט ניט.

* * * *

## באַרג גריזים און באַרג עיבל

און עס וועט זיין, אַז דיין גאָט וועט דיך ברייננגען אין דעם לאַנד, וואָס דו קומסט אַהין צו ירש'ענען עס, זאָלסטו געבן (פאָרלייענען פאַר אַלעמען) די ברכה אויפן הר גריזים, און די קללה — אויפן הר עיבל.

זײ, דידאָזיקע בערג, זיינען אויף יענער זייט ירדן, אונטער דעם וועג פון זונאונטערגאַנג (מערב זייט), אין לאַנד פון כנעני, וואָס זיצט אין דעם פלוין אַקעגן גלגל, לעבן די אייכנבוימער (אָאק) פון מורה.

* * * *

## וואָרענונג אַקעגן געצנדינסט

דאָס זיינען די חוקים און משפטים, וואָס איר זאָלט היטן צו טאָן אין דעם לאַנד, וואָס אייער גאָט האָט אייך געגעבן צו ירש׳ענען עס; איר זאָלט אומברענגען די אַלע ערטער, וואו די פעלקער וועלכע איר ירש׳עט האָבן דאָרטן געדינט זייערע געטער — אויף די הויכע בערג, און אויף די בערגלאַך, און אונטער יעדער צווייגהאַפטיקן בוים. און איר זאָלט צעשטויסן זייערע מזבחות, און איר זאָלט צעברעכן זייערע מצבות (הייליקע מאָנומענטן), און זייערע געצנבוימער זאָלט איר פאַרברענען אין פייער, און זייערע געשניצטע געטער זאָלט איר פאַרשניידן, און איר זאָלט אומברענגען זייער נאָמען פון יענעם אָרט.

איר זאָלט ניט טאָן אַזוי (ווי די פעלקער טוען, צו בויען מזבחות, "במות", אויף פאַרשיידענע ערטער) צו אייער גאָט.

נאָר צו דעם אָרט, וואָס אייער גאָט וועט אויסקלייבן פון אַלע אייערע שבטים, צו טאָן זיין נאָמען דאָרטן — צו יענעם רואונג־פּלאַץ זיינעם זאָלט איר נאָכפרעגן און קומען אַהין. און אַהין זאָלט איר ברענגען אייערע בראַנדאָפּפער (עולות), און אייער שלאַכט־אָפּפער (זבחים), און אייערע מעשרות, און דאָס אָפּשיידונג פון אייער האַנט (תרומה) און אייערע נדרים און נדבות, און די ערשטגעבאָרענע פון אייערע רינדער און שאָף (בכורות). און איר זאָלט דאָרטן עסן פאַר אייער גאָט, און איר זאָלט זיך פרייען מיט אַלץ וואָס איר פאַרמאָגט, איר און אייערע הויזגעזינטן, וואָס אייער גאָט האָט אייך געבענטשט.

איר זאָלט ניט טאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס מיר טוען היינט דאָ (אין מדבר), איטליכער וואָס עס איז אים געפעלן (ווען און וואו ער וויל, איז ער מקריב קרבנות צו גאָט). וואָרים איר זיינט נאָך ביז איצט ניט געקומען צו דער רו און צו דעם אייגנטום (אל המנוחה ואל הנחלה), וואָס אייער גאָט גיט אייך.

אָבער אַז איר וועט אַריבערגיין דעם ירדן און איר וועט זיך

באַזעצן אין דעם לאַנד, וואָס אייער גאָט מאַכט אייך ירש׳ענען, און ער וועט אייך מאַכן רוען פון אַלע אייערע פיינט פון אַרום, און איר וועט זיצן אין זיכערקייט, — איז דאָס אָרט, וואָס אייער גאָט וועט אויסקלייבן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן, זאָלט איר אַהין ברענגען אַלע אייערע קרבנות, און איר זאָלט זיך פרייען פאַר אייער גאָט, איר און אייערע זין און טעכטער, און אייערע קנעכט און דינסטן, און דער לוי וואָס אין אייערע טויערן, וואָרים ער האָט דאָך ניט קיין חלק און קיין נחלה צווישן אייך. היט זיך, דו זאָלסט ניט פאַרלאָזן דעם לוי אַלע טעג אויף דיין ערד.

* * * *

## דין וועגן ניט-הייליקע שלאַכטונגען

אַז דיין גאָט וועט דערברייטערן דיין גרעניץ, אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט, און דו וועסט זאָגן: "איך וויל עסן פלייש", מעגסטו עסן פלייש וויפיל דיין זעל גלוסט. אויב עס וועט זיין ווייט פון דיר דאָס אָרט, וואָס דיין גאָט וועט אויסקלייבן צו טאָן זיין נאָמען דאָרטן, מעגסטו שלאַכטן פון דיינע רינדער און פון דיינע שאָף, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן, אַזוי ווי איך האָב דיר באַפוילן (קוילען איבער׳ן האַלז, אַזוי ווי מע קוילעט די קרבנות) און מעגסט עס עסן וואו דו וואוינסט, וויפיל דיין זעל גלוסט.

(אין מדבר האָבן די אידן ניט געטאָרט קוילען אין ערגיץ נאָר ביים אוהל-מועד, — "שחיטת קדשין", שחיטה פון הייליקע קרבנות. אָבער אין ארץ-ישראל האָט מען שוין געמעגט קוילען אומעטום, — "שחיטת חולין", ניט-הייליקע, פשוט׳ע שלאַכטונגען אויך).

אָבער נאָר ווי מע עסט אַ הירש און אַ הינד, אַזוי זאָלסטו עסן. דער אומריינער (טמא) און דער ריינער (טהור) מעגן עסן אינאיינעם. (קיינע הייליקע מנהגים טאָר מען דערביי ניט איינפירן).

נאָר זיי פעסט ניט צו עסן דאָס בלוט, וואָרים דאָס בלוט איז

די זעל, און דו טאָרסט ניט עסן די זעל מיטן פלייש. (אַמאָל פלעגן מענטשן זייער שטאַרק ליב האָבן בלוט) זאָלסט עס ניט עסן, נאָר אויסגיסן עס אויף דער ערד, אַזוי ווי וואַסער. זאָלסט עס ניט עסן, כדי עס זאָל גוט זיין דיר און דיינע קינדער נאָך דיר, אַז דו וועסט טאָן וואָס איז רעכטפערטיק אין גאָט'ס אויגן.

* * * *

## געצנדינערישע נביאים

אַז עס וועט אויפשטייען צווישן דיר אַ נביא, אָדער אַ בעל־חלומות, און ער וועט דיר געבן אַ צייכן אָדער אַ וואונדער, און דער צייכן און דער וואונדער, וואָס ער האָט דיר פאָראויסגעזאָגט, וועט אָנקומען, — און דאַמאָלט וועט ער דיר זאָגן: "לאָמיר גייען דינען פרעמדע געטער, וואָס דו קענסט זיי ניט!" זאָלסטו ניט פאָלגן די ווערטער פון יענעם נביא אָדער יענעם בעל־חלומות, וואָרים דאָס פרואווט אייך אייער גאָט, כדי צו וויסן אויב איר האָט אים ליב מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער זעל.

נאָך אייער גאָט זאָלט איר גייען, און פאַר אים זאָלט איר מורא האָבן, און זיינע געבאָט זאָלט איר היטן, און אים זאָלט איר פאָלגן, און אים זאָלט איר דינען, און אָן אים זאָלט איר זיך באַהעפטן.

און יענער נביא אָדער יענער בעל־חלומות זאָל געטויט ווערן, ווייל ער האָט גערעדט אָפּקערונג־ווערטער אַקעגן אייער גאָט, כדי ער זאָל אייך אַראָפּשטויסן פונם וועג, וואָס אייער גאָט האָט באַפוילן צו גייען אין אים!

און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר!

* * * *

## געצנדינערישע קרובים

אַז דיין ברודער, אַפּילו דער זון פון דיין אייגענער מוטער, אָדער דיין זון, אָדער דיין טאָכטער, אָדער דיין ווייב, אָדער דיין חבר, וואָס האָסט אים ליב ווי דיין זעל, וועט דיך אָנרעדן אין פאַרבאָרגעניש, און וועט דיר זאָגן אַזוי: "לאָמיר גייען און דינען פרעמדע געטער, וואָס ניט דו און ניט דיינע עלטערן האָבן זיי געקענט,— פון די געטער פון די אַרומיקע פעלקער, נאָענטע, אָדער ווייטע פון עק וועלט ביז עק וועלט",— זאָלסטו ניט איינוויליקן צו פאָלגן, און דיין אויג זאָל אים ניט שוינען, און דו זאָלסט זיך ניט דערבאַרעמען און אים ניט פאַרדעקן מיט זיין זינד.

נאָר דו זאָלסט אים טויטן. דיין האַנט זאָל זיין צום ערשטן אים צו טויטן, און די האַנט פון פאָלק צום לעצטן. און דו זאָלסט אים פאַרשטיינען און ער זאָל שטאַרבן, וואָרים ער האָט געזוכט דיך צו פאַרשטויסן פון דיין גאָט.

און אַלע אידן וועלן הערן און וועלן מורא האָבן, און זיי וועלן מער ניט טאָן אַזאַ שלעכטע זאַך צווישן דיר!

* * * *

## געצנדינערישע שטאָט
(עיר הנדחת)

אַז דו וועסט הערן אין איינער פון דיינע שטעט, וואָס דיין גאָט גיט דיר צום וואוינען דאָרטן, זאָגט מען, אַז עס זיינען אַרויסגע־קומען נידערטרעכטיקע מענטשן פון צווישן דיר, און זיי האָבן די איינוואוינער פון שטאָט פאַרשטויסן פון גאָט, און זיי האָבן אָנגע־רעדט צו דינען פרעמדע געטער. און דו וועסט גוט נאָכזוכן און נאָכ־פאָרשן און נאָכפרעגן, און די זאַך איז אמת און ריכטיק, דידאָזיקע

אומווערדיגקייט איז טאַקע געטאָן געוואָרן צווישן דיר.

זאָלסטו דערשלאָגן די שטאָט־איינוואוינער מיטן שאַרף פון שווערד. פאַרוויסט זי, און אַלץ וואָס אין איר, און אירע בהמות. און איר גאַנצן זאַקרויב זאָלסטו איינזאַמלען אין מיטן פון איר הויפּט־גאַס, און דו זאָלסט פאַרברענען אין פייער די גאַנצע שטאָט, און עס זאָל ווערן פון איר אַן אייביקער הויפן (תל־עולם), זי זאָל מער ניט אויפגעבויט ווערן.

און קיין שום זאַך פון דעם "חרם" (פאַרוויסטונג) זאָל זיך ניט אָנקלעפּן אין דיין האַנט, כדי גאָט זאָל מער ניט צערענען, און ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף דיר און דיך מערן, אַזוי ווי ער האָט גע־שוואָרן צו דיינע עלטערן, — אויב דו וועסט פאָלגן דיין גאָט צו אָפּהיטן אַלע זיינע געבאָט, וואָס איך באַפעל דיר היינט, צו טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון דיין גאָט!

* * * *

## פאַרבאָט אויף געצנדינערישע מנהגים

קינדער זיינט איר צו אייער גאָט!

איר זאָלט ניט איינשניידן אייער לייב, און איר זאָלט ניט מאַכן קיין פליך אויפן קאָפּ, צווישן אייערע אויגן, אַלס טרויער נאָך אַ טויטן (אַזוי ווי די געצנדינער פלעגן אַמאָל טאָן).

וואָרים אַ הייליק פאָלק (עם קדוש) ביזטו צו דיין גאָט, און דיך האָט גאָט אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער וואָס אויף דער ערד צו זיין אַ געליבט פאָלק (עם סגולה) צו אים!

* * * *

## ריינע און אומריינע באַשעפענישן

זאָלסט ניט עסן קיין אומווערדיגקייטן.
דאָס זיינען די בהמות, וואָס איר מעגט עסן:

אַן אָקס (אקס),
אַ שעפּס (שיפּ)
און אַ ציג (גאָאט).
אַ הינד (האַרט),
און אַ הירש (דיר),
און אַ דאַמהירש (ראָע-באַק);
און אַ שטיינבאָק (אייבעקס),
און אַ גאַזעל (גאזעלל),
און אַ ווילדע ציג (אַנטילאָופּ),
און אַ באַרג-שעפּס (שאמאָי).

און יעדע בהמה, וואָס האָט צעשפּאָלטענע קלויען און איז מעלה-גרה (זי ברייננגט תמיד אַרויף פונם מאָגן דאָס צעקייטע עסן און שלינגט עס ווידער אַראָפּ), — זי מעגט איר עסן.

אָבער דידאָזיקע טאָרט איר ניט עסן:

דאָס קעמל (קעמל),
דעם האָז (העיר),
דעם קראָליק (קאָוני רעבביט),

ווייל זיי זיינען מעלה-גרה, אָבער קיין קלויען האָבן זיי ניט, זיינען זיי טמא (אומריין) פאַר אייך.

דער חזיר (סוויין, פּיג), ווייל ער האָט קלויען, אָבער ער איז ניט מעלה-גרה, איז ער טמא פאַר אייך.

פון זייער פליייש (פון די טמא בהמות) טאָרט איר ניט עסן, און אָן זייער נבלה טאָרט איר זיך ניט אָנרירן.

דידאָזיקע מעגט איר עסן פון אַלץ וואָס אין וואַסער:
אַלץ וואָס האָט פלוספעדערן (פינס) און שופן (סקיילס)!
און די וואָס האָבן ניט קיין פלוספעדערן און קיין שופן טאָרט איר ניט עסן. זיי זיינען טמא פאַר אייך.
יעדער ריין עוף מעגט איר עסן.
און דאָס זיינען די עופות, וואָס איר טאָרט ניט עסן:

דער אָדלער (איגל),
און דער ביינברעכער (אָססיפריידזש),
און דער ים-אָדלער (אָספּרעי).
דער וויי (גליד),
און דער פאַלק-פויגל (פאַלקאָן)
און דער האביכט (קאיט), לויט זייערע מינים.
און יעדער ראָב (רעיווען) לויט זיינע מינים.
דער שטרויספויגל (אָסטריטש),
דער נאַכטשפּאַרבער (נאַיטהאָוק),
דער ים-ראָב (סי-רעיווען, סי-מיו),
און דער שפּאַרבער (ספּערראָו-האָוק) לויט זייערע מינים.
די אייל, (ליטטל אָול),
און די נאַכטאייל (גרייט-אָול),
און די אוהו.
דער פעליקאַן,
דער גייער,
און דער פישפרעסער (קאָרמאָרענט).
דער שטאָרך (סטאָרק),
און דער בושל (העראָן) לויט זיינע מינים.
דער אויערהאָן (לעפּווינג),
און די פלעדערמויז (בעט).

און יעדער געפליגלטער שרץ איז טמא צו אייך.

איר זאָלט ניט עסן קיין נבלה. צום איינגעוואנדערטן, וואָס וואוינט ביי דיר, מעגסט עס אַוועקגעבן, אָדער פאַרקויפן צו אַ פרעמדן, — וואָרים אַ הייליק פאָלק ביזטו צו דיין גאָט.

זאָלסט ניט קאָכן קיין ציגעלע אין זיין מוטער׳ס מילך.

* * * *

## דיין וועגן מעשר

זאָלסט אָראָפּנעמען מעשר (אַ צענט חלק) פון דעם גאַנצן איינ־קום פון דיין פאַרזייאונג (זריעה), וואָס קומט פון דיין פעלד יאָר־יערלאַך. און דו זאָלסט עסן פאַר דיין גאָט אין דעם אָרט, וואָס ער וועט אויסקלייבן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן, דעם מעשר פון דיין תבואה, פון דיין וויין, און פון דיין בוימל, און די בכורות פון דיינע רינדער און שאָף, כדי דו זאָלסט לערנען מורא צו האָבן פאַר דיין גאָט אַלע טעג.

און אויב דער וועג וועט זיין צו פיל צו גיין, ווייל גאָט׳ס אָרט וועט זיין ווייט פון דיר, און דו וועסט עס ניט קאָנען טראָגן אַהין, וואָרים גאָט וועט דיך בענטשן מיט פיל פון אַלצדינג, — זאָלסטו עס אויסבייטן אויף געלט, און זאָלסט נעמען דאָס געלט איינגעבונדן אין האַנט, און זאָלסט גייען צום אָרט, וואָס גאָט וועט אויסקלייבן, און זאָלסט קויפן פאַר׳ן געלט אַלץ וואָס דיין זעל גלוסט, רינדער, שאָף, וויין, געטראַנקען, און זאָלסט עסן דאָרטן פאַר דיין גאָט, און זיך פרייען מיט דיין הויזגעזינט.

צום סוף פון אַלע דריי יאָר זאָלסטו אַרויסטראָגן דעם גאַנצן מעשר פון דיין תבואה, אין יענעם יאָר, און זאָלסט אַוועקלעגן אין דיינע טויערן. און עס זאָל קומען דער לוי, און דער איינגעוואַנדער־טער, און דער יתום, און די אַלמנה, און זיי זאָלן דערפון עסן און זיין זאַט, כדי דיין גאָט זאָל דיך בענטשן אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן!

* * * *

# תרומה און מעשר

(לויט'ן אויסטייטשונג פון די חכמי התלמוד)

**תרומה** (אָפּשיידונג):

יעדער וואָס האָט פאַרמאָגט פעלד, האָט באַדאַרפט ברייגנען אַן אָפּשיידונג צו גאָט פון דער נייער תבואה יעדן יאָר, און דאָס האָט געהערט צום כהן. ס'איז ניט געווען קיין באַשטימטע מאָס אָדער וואָג וויפיל צו געבן. ווער עס האָט געגעבן איין פערציקסט-חלק, יענער האָט געהייסן אַ מילדער (אַ נותן בעין יפה). ווער עס האָט געגעבן איין פופציקסט-חלק, יענער האָט געהייסן אַ מיטלמעסיקער (בינוני). און ווער עס האָט געגעבן איין זעכציקסט-חלק, יענער האָט געהייסן אַ קאַרגער (אַ נותן בעין רעה).

די לויים אַליין האָבן אויך באַדאַרפט געבן פון זייער "מעשר" אַ צענט-חלק צום כהן, אַלס תרומה.

---

**מעשר ראשון** (ערשטער מעשר):

נאָך דעם אָפּשיידן פון דער תרומה פאַר'ן כהן, האָט יעדער באַדאַרפט אַראָפּנעמען אַ צענט-חלק און געבן צום לוי!

---

**מעשר שני** (צווייטער מעשר):

נאָך דעם מעשר ראשון האָט יעדער באַדאַרפט ווידער אַראָפּנעמען אַ צענט-חלק און ער האָט געבראַכט קיין ירושלים, אָדער ער האָט עס פאַרקויפט און געבראַכט דאָס געלט קיין ירושלים, און דאָרטן האָט ער געמאַכט אַ סעודה פאַר דער פאַמיליע, און אויך איינגעלאַדן די לויים צום עסן.

מעשר ראשון און מעשר שני האָט מען באַדאַרפט געבן אין

ערשטן און אין צווייטן יאָר, און אויך אין פירטן און אין פינפטן יאָר נאָך שמיטה.

---

## מעשר עני (מעשר פון אָרימאַן):

אין דריטן און אין זעקסטן יאָר נאָך שמיטה האָט מען דעם מעשר שני ניט באַדאַרפט פירן קיין ירושלים, נאָר מע האָט אים אַוועקגעלעגט אין שטאָט און ער האָט געהערט צום לוי, צו די גרים, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט ניט לאַנג, און צו די יתומים און אלמנות, — און דערום האָט מען אים גערופן: "מעשר עני", דער מעשר פונם אָרימאַן.

דערצו איז געווען איינגעפירט צו זאָגן זייער אַ שיינע תפילה צו גאָט. (זע חומש דברים, פרשה "תבוא").

* * * *

# דין וועגן פאַרלאָזונג (שמיטה)

## שמיטת כסף (געלט פאַרלאָזונג):

צום סוף פון זיבן יאָר — דאָס זיבעטע יאָר — זאָלסטו מאַכן שמיטה. (וועגן לאַנד פאַרלאָזונג, "שמיטת קרקע", איז שוין גערעדט געוואָרן פריער אין חומש שמות, און ויקרא, פרשה "בהר").

און דאָס איז דער דין פון שמיטה: יעדער מלווה, וואָס האָט געליען עמיצן געלט, זאָל פאַרלאָזן דעם חוב, ער זאָל אים ניט מאָנען, וואָרים מע האָט אויסגערופן שמיטה צו גאָט.

פון דעם פרעמדן (וואָס וואוינט ניט שטענדיק אין דיין לאַנד) מעגסטו מאָנען, אָבער פון דיין פריינט זאָלסטו אָפּלאָזן דיין האַנט.

נאָר — זיי געהיט — עס זאָל ניט זיין ביי דיר קיין אביון. (אַן אָרימאַן, וואָס נויטיקט זיך אין אַ הלוואה און קיינער זאָל אים ניט וועלן לייען, טאָמער וועט ער ניט אָפּגעבן ביז שמיטה און דאָס געלט

וועט פֿאַרלאָרן ווערן). וואָרים גאָט וועט דיך בענטשן אין דיין לאַנד, וואָס ער גיט דיר אַלס נחלה, נאָר ווען דו וועסט פֿאָלגן דיין גאָט אָפּצוהיטן דאָס גאַנצע געבאָט, וואָס איך באַפֿעל דיר היינט.

איז אַז גאָט האָט דיך געבענטשט, אַזוי ווי ער האָט דיר צוגע־זאָגט, און דו וועסט אַנטלייען צו פֿיל פֿעלקער און דו וועסט ניט דאַרפֿן לייען, און דו וועסט געוועלטיקן איבער פֿיל פֿעלקער, און איבער דיר וועט מען ניט געוועלטיקן, — דאַרפֿסטו זען, אַז עס וועט זיין ביי דיר אין איינער פֿון דיינע שטעט אַן אביון, איינער פֿון דיינע ברידער, זאָלסטו ניט האַרט מאַכן דיין האַרץ, און זאָלסט ניט צו־מאַכן דיין האַנט פֿאַר דיין ברודער דעם אביון, נאָר דו זאָלסט פֿאַר אים עפֿענען דיין האַנט און אים אַנטלייען וויפֿיל עס פֿעלט אים.

היט זיך, עס זאָל ניט זיין אין דיין האַרצן קיין שלעכטער גע־דאַנק צו זאָגן: דאָס זיבעטע יאָר, דאָס שמיטה יאָר דערנענטערט זיך! און דיין אויג וועט זיין שלעכט צו דיין ברודער דעם אביון, און דו וועסט אים ניט געבן קיין הלוואה, וועט ער רופֿן אויף דיר צו גאָט, און דו וועסט האָבן אַ זינד!

געבן זאָלסטו אים געבן! און ווען דו גיסט אים, זאָלסטו עס טאָן ניט מיט קיין שלעכט האַרץ, וואָרים נאָר וועגן דערדאָזיקער זאַך, צו העלפֿן אַ צווייטן, וועט דיך דיין גאָט בענטשן אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן.

וואָרים עס וועט ניט אויספֿעלן קיין אביון אין לאַנד. דערום זאָג איך דיר אָן, אַז זאָלסט אויפֿעפֿענען דיין האַנט צו דיין ברודער, צו דיין אָרימאַן און צו דיין אביון אין דיין לאַנד!

* * * *

## דיין וועגן קנעכט

אַז עס וועט צו דיר פֿאַרקויפֿט ווערן דיין ברודער, אַ איד, (וואָס האָט זיך אַליין פֿאַרקויפֿט אויס אָרימקייט, אָדער וואָס דער בית־

דין האָט אים פאַרקויפט פאַר אַ גנבה, וואָס ער האָט גע׳גנב׳עט און ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן) אָדער אַ אידישע פרוי, (וואָס איר פאָטער האָט זי פאַרקויפט אוים אָרימקייט, ווען זי איז נאָך גע־ווען אַ קליינע) זאָל ער דיך דינען זעקס יאָר, און אויפן זיבעטן יאָר זאָלסטו אים אַרויסשיקן פריי פון דיר.

און ווען דו שיקסט אים אַרויס פריי פון דיר, זאָלסטו אים ניט אַרויסשיקן מיט ליידיקן; זאָלסט אים באַשענקען מיט מתנות פון דיינע שאָף, און פון דיין שייער (תבואה), און פון דיין קעלטער (וויין), מיט וואָס דיין גאָט האָט דיך געבענטשט זאָלסטו אים געבן.

און דו זאָלסט געדענקען, אַז אַ קנעכט ביזטו געווען אין לאַנד מצרים, און דיין גאָט האָט דיך אויסגעלייזט. דערום זאָג איך דיר היינט אָן דידאָזיקע זאַך.

און עס וועט זיין, אַז דער קנעכט וועט זאָגן צו דיר: "איך וויל ניט אַוועקגיין פון דיר!", ווייל ער האָט ליב דיך און דיין הויזגעזינט, וואָרים עס איז אים גוט ביי דיר. זאָלסטו נעמען אָן אָל און דו זאָלסט דורכשטעכן זיין אויער אויף דער טיר, און ער זאָל ביי דיר פאַר־בלייבן אַן אייביקער קנעכט (ביז יובל).

און אויך צו דיין דינסט זאָלסטו אַזוי טאָן (צו געבן איר מתנות ביים אַרויסשיקן איר פריי. אָבער קיין דינסט שטעכט מען ניט דורך דעם אויער).

און עס זאָל ניט זיין קיין שווערע זאַך ביי דיר אין די אויגן, ווען דו שיקסט אים (דעם קנעכט אָדער די דינסט) פריי פון דיר, וואָרים צווייטמאָל אַזויפיל ווי פאַר דעם לוין פון אַ געדונגענעם טאָג־אַרבייטער האָט ער דיר געדינט זעקס יאָר (וואָרים אַ טאָג־אַרבייטער רוט ביינאַכט, אָבער אַ קנעכט אַרבייט אָפט סיי ביי טאָג און סיי ביי־נאַכט), און דיין גאָט וועט דיך בענטשן אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן.

* * * *

## דין וועגן בכור-בהמה

יעדער בכור, אַ זכר, וואָס וועט געבאָרן ווערן צווישן דיינע רינ־דער און שאָף, זאָלסטו הייליקן צו דיין גאָט. זאָלסט ניט אַרבייטן מיטן בכור פון דיינע אָקסן, און זאָלסט ניט שערן די וואָל פון בכור פון דיינע שאָף. פאַר דיין גאָט זאָלסטו און דיין הויזגעזינט אים עסן (אַלס אַ קרבן שלמים), יעדן יאָר ווען דו וועסט האָבן אַ בכור־בהמה, אין דעם אָרט, וואָס גאָט וועט אויסקלייבן. (דאָס איז אַן אָנזאָג צום כהן. ווייל דער בכור איז דעם כהנ׳ס מתנה).

און אויב דער בכור וועט זיין מיט אַ מום (פעלער), אַ הינקענ־דיגער אָדער אַ בלינדער, אָדער וואָסער עס איז אַנדער מום, זאָלסטו אים ניט שעכטן צו דיין גאָט. זאָלסט אים עסן ביי זיך אין דיין וואוינאָרט. דער ריינער און דער אומריינער אינאיינעם, אַזוי ווי אַ הירש און ווי אַ הינד (און ניט אַזוי ווי הייליק פלייש פון קרבנות).

נאָר זיין בלוט זאָלסטו ניט עסן, — אויף דער ערד זאָלסטו עס אויסגיסן אַזוי ווי וואַסער.

* * * *

## די דריי הויפּט ימים-טובים

(שלש רגלים: פּסח, שבועות, סוכות)

### פּסח

היט אָפּ דעם חודש אָביב (ניסן, פרילינג צייט), און זאָלסט מאַכן דעם קרבן פּסח צו דיין גאָט. וואָרים אין חודש אָביב האָט דיך גאָט אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, ביינאַכט. און דו זאָלסט שעכטן דעם קרבן פּסח צו דיין גאָט, פון שאָף אָדער פון רינדער, אין דעם אָרט, וואָס גאָט וועט אויסקלייבן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן. זאָלסט ניט עסן קיין חמץ דערביי. זיבן טעג זאָלסטו דאַמאָלט עסן מצות, ברויט פון נויט, וואָרים אין איילעניש ביזטו אַרויסגעגאַנגען פון

לאַנד מצרים, — כדי דו זאָלסט געדענקען דעם טאָג פון דיין אַרויס־גיין פון לאַנד מצרים אַלע דיינע יאָרן.

און עס זאָל ניט געזען ווערן ביי דיר קיין זויערטייג אין דיין גאַנצן גרעניץ זיבן טעג. און עס זאָל ניט איבערנעכטיקן פונם פלייש, וואָס דו וועסט שעכטן אין אָוונט, פאַרן ערשטן טאָג פסח ביז אין דער פרי.

זאָלסט ניט שעכטן דעם קרבן פסח אין איינעם פון דיינע וואוינ־ערטער וואָס דיין גאָט גיט דיר, נאָר אין דעם אָרט וואָס דיין גאָט וועט אויסדערוויילן צו מאַכן רוען זיין נאָמען, דאָרטן זאָלסט שעכטן דעם קרבן פסח אין אָוונט, ווען די זון גייט אונטער, אין דער צייט ווען דו ביזט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים.

און דו זאָלסט אים אָפּבראָטן און עסן דאָרטן. און אין דער־פרי זאָלסטו זיך אומקערן און גיין אַהיים, צו דיינע געצעלטן.

זעקס טעג זאָלסטו עסן מצות, און אויפן זיבעטן טאָג זאָלסטו (אַחוץ מצות עסן) מאַכן אַ הייליקע איינזאַמלונג צו דיין גאָט. זאָלסט ניט טאָן קיין אַרבייט.

---

## שבועות

זיבן וואָכן זאָלסטו דיר ציילן. פון דעם טאָג ווען מע הויבט אָן שניידן די תבואה זאָלסטו אָנהייבן ציילן זיבן וואָכן (פונם צווייטן טאָג פסח, ווען מע ברענגט דעם עומר, די מאָס פון ערשטן געשניטן־שניט).

און דו זאָלסט מאַכן דעם יום טוב שבועות (וואָכן) צו דיין גאָט, לויט דער פרייוויליקער מתנה (גאָב) פון דיין האַנט, וואָס דו וועסט געבן, ווען דיין גאָט וועט דיך בענטשן.

און דו זאָלסט זיך פרייען פאַר דיין גאָט, דו און דיין זון און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דער לוי וואָס אין דיינע וואוינערטער, און דער גר (פרעמדער), און דער יתום און אַלמנה וואָס צווישן דיר, — אין דעם אָרט וואָס דיין גאָט וועט

אויסדערוויילן.

און דו זאָלסט געדענקען אַז דו ביזט געווען אַ קנעכט אין מצרים. און זאָלסט היטן און טאָן דידאָזיקע געזעצן.

---

## סוכות

דעם יום טוב סוכות (ביידלעך) זאָלסטו דיר מאַכן זיבן טעג, ווען דו וועסט איינזאַמלען די תבואות פון דיין שייער און פון דיין קעלטער.

און דו זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום טוב. דו און דיין זון און דיין טאָכטער, און דיין קנעכט און דיין דינסט, און דער לוי, און דער גר, און דער יתום און די אַלמנה, וואָס אין דיינע טויערן.

זיבן טעג זאָלסטו יום טוב האַלטן צו דיין גאָט, אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסקלייבן. וואָרים גאָט וועט דיך בענטשן אין אַלע דיינע תבואות, און אין יעדער טוּונג פון דיינע הענט, און דו וועסט זיין נאָר פריילאַך.

---

דריי מאָל אין יאָר זאָלן אַלע דיינע זכרים, מאַנסבילן, זיך קומען צו ווייזן פאַר דיין גאָט אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסקלייבן: אין חג־המצות, און אין חג־השבועות, און אין חג־הסוכות.

און מע זאָל זיך ניט ווייזן פאַר גאָט מיט ליידיקן, — איטליכער לויט דער מתנה פון זיין האַנט, אַזוי ווי די ברכה פון דיין גאָט וואָס ער האָט דיר געגעבן.

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## די יסורים פון קנאה

משה האט געהאלטן אין שרייבן ספר-תורה׳ס פאר אלע שבטים. האט זיך גאט צו אים באוויזן און געזאגט:

— משה, מיין קנעכט, ענדיק דיין ארבעט, וואָרים דיין לעצ-טער טאָג דערנעענטערט זיך!

האט משה אָנגעהויבן צו בעטן:

— רבונו-של-עולם! פארוואס זאָל איך שטאַרבן דוקא איצט, ווען מיין פאָלק דאַרף שוין אַריין אין ארץ-ישראל?

האט גאט געזאָגט:

— עד פה תבוא! ביז אַהער קומסטו און ניט וויטער! אַזוי איז ביי מיר באַשלאָסן! יעדער דור דאַרף זיך זיין פירער! ביז איצט ביזטו געווען דער פירער, און איצט איז געקומען יהושע׳ס צייט צו איבערנעמען די פירערשאַפט!...

האט משה געבעטן:

— אויב נאָר דאָס איז די סבה פון מיין טויט, וועל איך אַפילו ווערן יהושע׳ס תלמיד, אַבי כ׳זאָל אַריינגיין אין אידישן לאַנד!

האָט גאָט געענטפערט:

— גוט, כ׳וועל טאָן דיין ווילן!

האט משה געענדיקט שרייבן די ספר-תורה׳ס און איז באַלד אַוועק צו יהושע׳ס געצעלט און האט זיך אַוועקגעשטעלט ביים אַריינ-גאַנג, ווי אַ באַדינער, גרייט צו נעמען באַפעלן.

יהושע איז דאָן געווען פאַרנומען מיט די עלטסטע פון די אידן, און ער האָט משה'ן ניט באַמערקט שטייענדיק.

אין דער מינוט זיינען אָנגעקומען נאָך מענטשן און זיי האָבן דערזען, ווי משה שטייט ביי דער טיר און יהושע זיצט אויף דער שטול, האָט דאָס זיי שטאַרק פאַרדראָסן און זיי האָבן זיך אָנגערופן מיט ווייטאָק:

— וואָס איז דאָס מיט דיר, יהושע? אונזער פירער שטייט ווי אַ באַדינער און דו זיצסט זיך ווי אַ האַר?...

ווען יהושע האָט אַ קוק געטאָן און דערזען משה'ן שטייען ביי דער טיר איז ער פאַרציטערט געוואָרן. ער האָט באַלד צעריסן זיינע קליידער פאַר צער, און ער איז געפאַלן פאַר משה'ן אויף די קני און האָט געבעטן:

— פאַרגיב מיר, מיין האַר און מיין רבי! ווייִ איז מיר, וואָס איך בין באַגאַנגען אַזאַ זינד אַקעגן דיר, פירער גרויסער!

האָט משה געזאָגט צו אים:

— זאָרג ניט, יהושע, דאָס איז גאָט'ס באַפעל! פון היינט אָן וועסטו זיין דער פירער פון דעם דור, און איך וועל זיין דיין באַדי־נער!...

און באַלד האָט אַ וואָלקן צוגעדעקט יהושע'ן, און פון צווישן וואָלקן האָט ער דערהערט ווי גאָט רופט אים און זאָגט אים אָן ווי אַזוי צו באַגייען זיך מיט דעם פאָלק, איבער וועלכן ער דאַרף הערשן איצט.

ווען דער וואָלקן איז אַריבער, האָט משה אַ פרעג געטאָן יהושע'ן:

— וואָס האָט גאָט צו דיר גערעדט?

— קיין שום מענטש טאָר דערפון ניט וויסן! — האָט יהושע געענטפערט.

דידאָזיקע ווערטער יהושע'ס האָבן משה'ן דורכגעשטאָכן ווי מיט שפיזן, און ער האָט מיט גרוים ווייטאָק אויסגעשריען:

— אָ, גאָט, ניט מעגליך איבערצוטראָגן די יסורים פון קנאָה!

בעסער הונדערט מאָל שטאַרבן, איידער איינמאָל ליידן די יסורים פון קנאָה !... ביז איצט האָב איך ביי דיר געבעטן לעבן, אָבער איצט קאָן איך דאָס שוין ניט טאָן, — איך בין גרייט !...

* * * *

2.

## וויכטיגקייט פון צדקה

(א)

די תורה האָט אָנגעזאָגט :

"אַז ס'וועט זיין אַן אָרימאַן אין איינער פון דיינע שטעט, זאָלסטו דיין האַנט ניט פאַרמאַכן, נאָר זאָלסט אים אויסלייען און געבן אַלץ וואָס ס'פעלט אים".

דערציילט מען וועגן הלל הזקן אַזוי :

ער פלעגט געבן צו יעדן אָרימאַן אַלצדינג צו וואָס יענער איז געוואוינט געווען. אַפילו אַ פערד צום רייטן, און אַפילו אַ קנעכט צו באַלייטן אים אין וועג.

און אַמאָל האָט ער גראַד קיין קנעכט ניט געהאַט צו שיקן באַ-לייטן אַ חשוב'ן אָרימאַן, איז הלל אַליין געגאַנגען מיט אים און אים באַלייט גאַנצע דריי מייל.

(ב)

רבי אלעזר האָט געזאָגט :

דער וואָס מאַכט אַנדערע צו געבן צדקה, איז ער נאָך גרעסער פון יענעם וואָס גיט אַליין.

אין די צייטן פון בית-המקדש האָט יעדער מענטש געקאָנט ברייגנען אַ קרבן און דערמיט פאַרגעבן אויף זיינע זינד. איצט, אָבער, ווען דאָס בית-המקדש איז ניטאָ, איז די צדקה אָנשטאָט קרבנות, און מיר דאַרפן טיילן אונזער ברויט מיט יעדן הונגעריקן !

צדקה איז געגליכן צו אַ פאַנצער (אַרמאָר-פּלייט), פּונקט ווי אַ

פאַנצער איז צונויפגעשטעלט פון קליינע שופּן (סקיילס), אַזוי איז צדקה צונויפגעשטעלט פון קליינע מטבעות. און פּונקט ווי אַ פּאַנ־צער באַשיצט, אַזוי באַשיצט אויך די צדקה.

(ג)

רבי יהודה האָט געזאָגט:

צען שטאַרקע זאַכן זיינען אויף דער וועלט באַשאַפן געוואָרן, איינע שטאַרקער פון דער צווייטער.

אַ פעלז איז שטאַרק, קומט דאָס אייזן און צעהאַקט אים.

אייזן איז שטאַרק, קומט דאָס פייער און מאַכט דאָס ווייך.

פייער איז שטאַרק, קומט דאָס וואַסער און פאַרלעשט עס.

וואַסער איז שטאַרק, קומט דער וואָלקן און טראָגט עס אַוועק.

דער וואָלקן איז שטאַרק, קומט דער ווינט און צעקלאַפּט אים.

דער ווינט איז שטאַרק, קומט דער מענטש און נעמט אים איין.

דער מענטש איז שטאַרק, קומט די שרעק און צעברעכט אים.

שרעק איז שטאַרק, קומט דער וויין און פאַרטרייבט זי.

וויין איז שטאַרק, קומט דער שלאָף און וועפּט אים אויס.

דער שלאָף איז שטאַרק, קומט דער טויט און איז אים גובר.

און צדקה איז שטאַרקער פון אַלע — וואָרים צדקה ראַטעוועט פון טויט, (צדקה תציל ממות).

(ד)

טורנוסרופוס הרשע האָט אַמאָל געפרעגט רבי עקיבאָ׳ן:

— אויב אייער גאָט האָט אַזוי ליב אָרימעלייט, וואָרום שפּייזט ער זיי אַליין נים?

האָט רבי עקיבאָ געענטפערט:

— גאָט שפּייזט זיי נים, כדי מיר מענטשן זאָלן זיי שפּייזן און דערפאַר קריגן שכר (באַלוינונג).

האָט טורנוסרופוס געזאָגט:

— ניין, איך דענק, אַז פאַר געבן צדקה צו אָרימעלייט וועט איר קריגן אַ שטראָף, ניט קיין שכר. אָט וועל איך דיר געבן אַ משל: אַ קעניג איז אין כעס אויף זיינעם אַ קנעכט און ער פאַרשפאַרט אים אין תפיסה (געפענקעניש, פריזאָן), און ער פאַרזאָגט, אַז מ׳זאָל צו אים קיין עסן און טרינקען ניט צולאָזן. נאָכדעם קומט איינער און ברייננגט דעם פאַרזינדיקטן קנעכט שפייז. וועט דען דער קעניג יע־נעם מענטשן ניט באַשטראָפן דערפאַר?

האָט רבי עקיבאָ אים געענטפערט:

— איך דענק אַנדערש, און איך וועל דיר געבן אַנ׳אַנדער משל: אַ קעניג איז אין כעס אויף זיין זון און ער פאַרשפאַרט אים אין תפיסה, און ער פאַרזאָגט, אַז קיינער זאָל אים ניט אַריינברייננגען קיין עסן און טרינקען. נאָכדעם קומט איינער און ברייננגט דעם פאַרזינדיקטן זון עסן און טרינקען. וועט דען דער קעניג יענעם מענטשן ניט באַ־לוינען דערפאַר?...

האָט טורנוסרופוס געזאָגט:

— ס׳איז דאָך דערזעלבער משל, וואָס מיינער, נאָר דו מאַכסט פונם קנעכט אַ זון?

האָט רבי עקיבאָ געענטפערט:

— אָט דאָס איז טאַקע דער חלוק צווישן אייך און אונז: איר דענקט, אַז איר זיינט די האַרן און אַלע איבעריקע מענטשן זיינען קנעכט. און מיר דענקען, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך, ווייל גאָט איז דער איינציקער האַר און אַלע מענטשן זיינען זיינע קינדער!...

——:: ——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**איש כל הישר בעיניו** (איטליכער ווי ס'איז רעכטפאַרטיק אין זיינע אויגן):

אַנשטאָט: יעדער וואָס ער וויל נאָר טאָן...

**כי הדם הוא הנפש** (וואָרים דאָס בלוט איז די זעל).

**אל המנוחה ואל הנחלה** (צו דער רו און צו דער ירושה):

אַנשטאָט: צו אַ גוטן באַשטאַנד.

**ובערת הרע מקרבך** (און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר).

**ודרשת וחקרת** (און דו זאָלסט אויספאָרשן און אויסקלערן):

"חוקר ודורש זיין".

**תל עולם** (אַן אייביקן הויפן):

"געמאַכט דערפון אַ תל עולם"; "מאַכן אַ תל" (פאַרדאַרבן).

**נתון תתן** (געבן זאָלסטו געבן).

**כי לא יחדל אביון** (וואָרים עס וועט ניט אויספעלן קיין אָרימאַן).

**ושמחת בחגך** (און דו זאָלסט זיך פרייען אין דיין יום טוב).

———::———

סדרה

# שופטים

(ריכטער)

## געריכט-אָרדענונג אין לאַנד

ריכטער און אויפזעער זאָלסטו דיר מאַכן אין אַלע דיינע טויערן, וואָס דיין גאָט גיט דיר, לויט דיינע שבטים. (די ריכטער פלעגן זיצן ביי די טויערן פון די שטעט. אַ ריכטער פאַר יעדן שבט, און אַ באַזונדער ריכטער פאַר יעדער שטאָט). און זיי זאָלן משפּט'ן דאָס פאָלק מיט אַ גערעכטן משפּט (משפּט צדק).

דו זאָלסט ניט פאַרבייגן קיין משפּט (ניט פאַרדרייען דעם אמת). זאָלסט ניט דערקענען קיין פּנים (ניט חנפ'ענען קיין באַקאַנטן אָדער אַ פריינט). און דו זאָלסט ניט נעמען קיין שוחד (מתנה פון אַ גע־משפּט'ן). וואָרים דער שוחד מאַכט בלינד די אויגן פון קלוגע און ער פאַרקרימט די ווערטער פון גערעכטע.

נאָר נאָך גערעכטיגקייט זאָלסטו זיך יאָגן, כדי דו זאָלסט לעבן און ירש'ענען דאָס לאַנד וואָס גאָט גיט דיר.

לויט דעם עדות-זאָגן פון צוויי עדות, אָדער פון דריי עדות, זאָל געטויט ווערן אַ טויט-שולדיקער, — און קיינער זאָל ניט געטויט ווערן לויט'ן עדות-זאָגן פון איין עדות.

די הענט פון די עדות זאָלן זיין צום ערשטן צו טויטן אים, און די האַנט פון פאָלק דערנאָך (דאַמאָלט וועלן די עדות געדענקען דאָס פאַראַנטוואָרטליכקייט). און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

* * * *

## דאָס העכסטע געריכט

אַז עס וועט פאַרהוילן ווערן פון דיר עפּיס אַ זאַך אין אַ משפט (דו וועסט ניט וויסן ווי צו פּסק'ענען) צווישן בלוט און בלוט (צי האָט דער רוצח געטויט בכונה אָדער אומגערן), צווישן דין און דין (צי איינער איז שולדיק דאָס וואָס מע מאָנט ביי אים צי ניט), און צווישן אַ שעדיקונג און אַ שעדיקונג (וויפיל איינער דאַרף באַצאָלן פאַר אָנמאַכן שאָדן אַ צווייטן), שטרייט־זאַכן אין דיינע טויערן (סכסוכים, וואָס די שופטים קאָנען אַליין ניט משפט'ן), — זאָלסטו אויפשטיין און אַרויפגיין צום אָרט וואָס דיין גאָט וועט אויסדער־ווײלן. און דו זאָלסט קומען צו די כהנים פון שבט לוי (די מיט־גלידער פון העכסטן געריכט) און צום הויפּטריכטער, וואָס וועט זיין אין יענע טעג, און דו זאָלסט פרעגן, און זיי וועלן דיר זאָגן דאָס ריכטיקע וואָרט פון משפט.

און זאָלסט טאָן לויט דעם וואָרט, וואָס זיי וועלן דיר זאָגן פון יענעם אָרט וואָס גאָט וועט אויסדערוויילן (יורידישער צענטער), און דו זאָלסט היטן צו טאָן אַזוי ווי זיי וועלן דיך לערנען. זאָלסט ניט אָפּקערן פונם וואָרט, וואָס זיי וועלן דיר דאָרטן זאָגן, רעכטס אָדער לינקס.

און דער מענטש, וואָס וועט טאָן מיט מוטוויליגקייט (בכוונה), ניט צו פאָלגן דעם כהן, וואָס שטייט צו באַדינען דיין גאָט, אָדער ניט צו פאָלגן דעם שופט (יורידישער אויטאָריטעט), יענער מענטש זאָל געטויט ווערן, און זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון ישראל.

און דאָס גאַנצע פאָלק וועט הערן און מורא האָבן, און זיי וועלן מער ניט זינדיקן אומיסטן.

* * * *

## רעגירונג־אָרדענונג אין לאַנד

אַז דו וועסט קומען אין לאַנד, וואָס דיין גאָט גיט דיר, און דו

וועסט עס ירש'ענען און זיצן דאָרטן, און דו וועסט זאָגן: "איך וויל מאַכן אַ מלך איבער מיר, אַזוי ווי אַלע פעלקער אַרום מיר טוען!" זאָלסטו נאָר מאַכן איבער דיר אַ מלך דעם וועמען גאָט וועט אויס־קלייבן. נאָר פון צווישן דיינע ברידער זאָלסטו דיר מאַכן אַ מלך. זאָלסט ניט דערלאָזן קיין פרעמדן מאַן, וואָס איז ניט דיין ברודער, צו קיניגן איבער דיר.

אָבער ער זאָל פאַר זיך ניט מערן קיין פערד, און ער זאָל ניט אומ־קערן דאָס פאָלק קיין מצרים, כדי צו מערן פערד. וואָרים גאָט האָט אייך אָנגעזאָגט: איר זאָלט זיך מער ניט אומקערן אויף דעמדאָזיקן וועג.

און ער זאָל פאַר זיך ניט מערן קיין ווייבער, כדי זיין האַרץ זאָל זיך ניט אָפּקערן. און אויך זילבער און גאָלד זאָל ער פאַר זיך ניט מערן קיין סך.

און עס וועט זיין, אַז ער זעצט זיך אויף זיין מלוכה־טראָן, זאָל ער זיך אויפשרייבן אַ קאָפּיע פון דערדאָזיקער תורה אויף אַ בוך, פון דער תורה וואָס פאַר די כהנים פון שבט לוי (דאָס ספר־תורה איז געלעגן אין מקדש). און די תורה זאָל זיין ביי אים, און ער זאָל לייענען אין איר אַלע טעג פון זיין לעבן, כדי ער זאָל לערנען מוראָ צו האָבן פאַר זיין גאָט, צו היטן אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער תורה און דידאָזיקע געזעצן צו טאָן.

און זיין האַרץ זאָל זיך ניט דערהויבן איבער זיינע ברידער, און ער זאָל זיך ניט אָפּקערן פון די געבאָט רעכטס אָדער לינקס, כדי ער זאָל מאריך ימים זיין אויף זיין מלוכה, ער און זיינע קינדער צווישן ישראל.

* * * *

## כהונה־אָרדענונג אין לאַנד

די כהנים און דער גאַנצער שבט לוי זאָלן ניט האָבן קיין חלק און קיין נחלה מיט ישראל. די פייעראָפּפער פון גאָט און זיין נחלה

(די תרומות און מעשרות) זאָלן זיי עסן. און קיין אַנדער נחלה (פעל-דער און ווייגאַרטנס) זאָלן זיי ניט האָבן צווישן זייערע ברידער, — גאָט איז זייער נחלה, אַזוי ווי ער האָט צו זיי גערעדט.

און דאָס זאָל זיין די רעכט פון די כהנים צו נעמען פון פאָלק, פון די וואָס שעכטן אַ קרבן, סיי אַן אָקס, סיי אַ שעפּס, — זאָלן זיי געבן צום כהן די שולטער (דער טייל פוס פון דער קני ביז אַראָפּ) און קינבאקן (דעם קאָפּ), און דעם מאָגן.

דאָס ערשטע פון דיין תבואה, פון דיין וויין און פון דיין אייל (תרומה), און דאָס ערשטע פון דעם שערונג פון דיינע שאָף (ראשית הגז; ניט ווייניגער פון איין זעכציקטל) זאָלסטו געבן צום כהן, ווייל אים האָט דיין גאָט אויסדערוויילט פון אַלע דיינע שבטים צו שטייען און צו באַדינען אין נאָמען פון גאָט, ער און זיינע קינדער אויף אייביק.

און אַז אַ לוי (די תורה רופט אָפטמאָל אַן דעם כהן מיטן נאָמען לוי) וועט קומען פון איינער פון דיינע שטעט פון גאַנץ ישראל (וואו עס איז געווען אַ מזבח פאַר קרבנות), וואו ער האָט געוואוינט, זאָל ער קומען, ווי זיין האַרץ גלוסט, צום אָרט וואָס גאָט וועט אויסדער-ווילן. און ער זאָל דינען אין נאָמען פון זיין גאָט, אַזוי ווי אַלע זיינע ברידער, די כהנים, וואָס שטייען דאָרטן. גלייכע חלקים זאָלן זיי עסן (פון די מתנות-כהונה), ניט קוקנדיק אויפן פאַרמעגן וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון דעם וואָס ער האָט פאַרקויפט די ירושה פון זיינע עלטערן.

* * * *

## געצנדינסט און כשוף אין לאַנד

אַז די קומסט אין דעם לאַנד, וואָס דיין גאָט גיט דיר, זאָלסטו זיך ניט אויסלערנען צו טאָן אַזוי ווי די אומווערדיגקייטן פון יענע פעלקער. עס זאָל זיך ניט געפינען ביי דיר אַזוינער וואָס מאַכט דורכפירן זיין זון אָדער זיין טאָכטער אין פייער (ווי מ׳פלעגט דינען

צום גאָט מולך); אַ וואָרזאָגער וואָס וואַרפט אַזוינע שטעקעלאַך מיט סימנים); און אַ צייכנזעער (וואָס מאַכט סימנים לויט די וואָלקנס); און אַ טרעפער (וואָס זאָגט פאָראויס וואָס ס׳וועט טרעפן לויט סימנים פון חיות און שלענג); און אַ מכשף (וואָס ווייזט וואונ־דער דורך כישוף); און אַן אָפּשפּרעכער (וואָס שפּרעכט אָפּ רוחות און שדים); און אַ פרעגער פון גייסטער (וואָס רעדט מיט נשמות פון געשטאָרבענע); און אַ צייט־ווייסער (וואָס מאַכט סימנים וועגן גוטע צייטן און שלעכטע צייטן צו טאָן עפּים); און אַ פאָרשער ביי טויטע (וואָס ליגט אויף די קברים און בעט צו די טויטע).

וואָרים אַן אומווערדיגקייט ביי גאָט איז דער וואָס טוט די אַלע זאַכן, און פאַר דידאָזיקע אומווערדיגקייטן פאַרטרייבט גאָט די פעל־קער פון פאַר דיר.

גאַנץ זאָלסטו זיין מיט דיין גאָט! וואָרים דידאָזיקע פעלקער וואָס דו ירש׳עסט זיי, הערן זיך צו צו די צייכנזעערס און צו די וואָר־זאָגערס; אָבער דו, — דיר האָט דיין גאָט אַזוינס ניט געגעבן!

* * * *

## אמת׳ער און פאַלשער נביא

אַ נביא פון צווישן דיר, פון דיינע ברידער, אַזוי ווי איך, וועט דיר דיין גאָט אויפשטעלן, — צו אים זאָלסטו זיך צוהערן!

פונקט אַזוי ווי דו האָסט פאַרלאַנגט פון דיין גאָט אין חורב, אין טאָג פון דעם איינזאַמלונג, אַזוי צו זאָגן: "לאָמיך מער ניט הערן דאָס קול פון מיין גאָט, לאָמיך מער ניט זען דאָסדאָזיקע גרויסע פייער, כדי איך זאָל ניט שטאַרבן!" און גאָט האָט געזאָגט צו מיר: "גוט איז דאָס וואָס זיי האָבן גערעדט; אַ נביא וועל איך פאַר זיי אויפשטעלן פון צווישן זייערע ברידער, אַזאַ ווי דו, און איך וועל אַריינגעבן מיינע ווערטער אין זיין מויל, און ער וועט רעדן צו זיי אַלץ וואָס איך וועל אים באַפעלן!"

און עס וועט זיין, אַז דער וואָס וועט ניט צוהערן צו מיינע ווער־טער וואָס דער נביא וועט רעדן אין מיין נאָמען, וועל איך פון אים אויפמאָנען (דורך אַ שטראָף)!

אָבער דער נביא, וואָס וועט מוטוויליקן צו רעדן אין מיין נאָמען אַ וואָרט, וואָס איך האָב אים ניט באַפוילן צו רעדן, אָדער ער וועט רעדן אין נאָמען פון פרעמדע געטער, — זאָל יענער נביא שטאַרבן!

און אויב דו וועסט זיך טראַכטן אין האַרצן: ווי אַזוי וועלן מיר דערקענען דאָס וואָרט וואָס גאָט האָט גערעדט? — איז אויב דער נביא וועט רעדן אין נאָמען פון גאָט, און די זאַך וועט ניט געשען און ניט קומען, איז אָט דאָס וואָרט האָט גאָט ניט גערעדט, נאָר דער נביא האָט עס מיט מוטוויליגקייט (אומיסטן) גערעדט, כדי צו פאַר־פירן דיך. זאָלסט זיך ניט שרעקן פאַר אים!

* * * *

## די שטעט פון אַנטרינונג
(ערי המקלט)

דריי שטעט זאָלסטו דיר אָפּשיידן אינמיטן דיין לאַנד (אחוץ יענע דריי שטעט פון יענער זייט ירדן, אין מזרח זייט).

דו זאָלסט דיר צוגרייטן דעם וועג (זאָלסט דעם וועג אויסגלייכן און צורעכט מאַכן. לויט די חכמים זאָגן איז דער וועג געווען אייך־און־דרייסיק איילן די ברייט, און אויף שיידוועגן זיינען געווען שילדן מיטן וואָרט "מקלט", אַנטרינונג־פּלאַץ, כדי מ'זאָל ניט בלאָנדזשען), און דו זאָלסט איינטיילן אין דרייען דעם גרעניץ פון דיין לאַנד (אַן אַנטרינונג־שטאָט אין יעדן טייל), און עס זאָל זיין אויף צו אַנטלויפן אַהין פאַר יעדן רוצח (פאַר דעם וואָס הרג'עט אומגערן און אַפילו פאַר דעם וואָס הרג'עט אומיסטן, איידער די שופטים פאָרשן אויס זיין זינד).

און דאָס איז דער דין פון דעם רוצח, וואָס זאָל אַהין אַנטלויפן

און זאָל בלייבן לעבן (דער גואל־הדם זאָל אים ניט קאָנען טויטן אויס נקמה):

אַז איינער וועט דערשלאָגן זיין פריינט אומגערן (בשוגג, אָן אַ כיוון), און ער האָט אים ניט פיינט געהאַט קיינמאָל. למשל: ווען איינער קומט מיט זיין פריינט אין וואַלד אַריין צו האַקן האָלץ, און זיין האַנט וועט זיך אַ שטויס טאָן מיט דער האַק צו פאַרשניידן דעם בוים, און עס וועט אַראָפּפאַלן דאָס אייזן פון הילצערנעם הענטל און עס וועט טרעפן זיין פריינט און ער וועט געטויט ווערן, — זאָל ער אַנטלויפן אין איינער פון דידאָזיקע שטעט, און ער זאָל בלייבן לעבן!

טאָמער וועט דער גואל־הדם נאָכיאָגן דעם רוצח, ווען זיין האַרץ וועט זיך דערהיצן, און ער וועט אים כאַפּן, ווייל דער וועג איז אַ ווייטער, און ער וועט אים טויטן, ווען אים קומט ניט קיין טויט־שטראָף, וואָרים ער איז דאָך אים קיינמאָל קיין שונא ניט געווען, — דערום באַפעל איך דיר, אַז דו זאָלסט אָפּשיידן דריי שטעט.

און אַז דיין גאָט וועט פאַרברייטערן דיין גרעניץ, זאָלסטו דיר מערן נאָך דריי שטעט צו יענע דריי. און עס זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן קיין אומשולדיק בלוט אין דיין לאַנד, וואָס דיין גאָט גיט דיר פאַר אַ נחלה, און דאָס זאָל ניט זיין אויף דיר אַלס זינד.

אָבער אַז איינער וועט זיין אַ שונא דעם צווייטן, און וועט לוי־ערן אויף אים, און וועט אויפשטייען און אים דערשלאָגן צום טויט (רוצח במזיד, מיט אַ כיוון), און ער וועט אַנטלויפן אין איינער פון יענע שטעט (ערי מקלט), — זאָלן די עלטסטע פון זיין שטאָט שיקן און אים נעמען פון דאָרטן און אים איבערגעבן (נאָכדעם ווי זיי וועלן אויספאָרשן דעם אמת און זיי וועלן אים משפט'ן צום טויט) אין האַנט פונם גואל־הדם (דער קרוב וואָס מאָנט דאָס בלוט), און ער זאָל גע־טויט ווערן.

זאָל דיין אויג זיך ניט דערבאַרעמען אויף אים, און זאָלסט אויס־ראַמען (די זינדיקע וואָס פאַרגיסן) אומשולדיק בלוט פון ישראל און עס וועט דיר זיין גוט!

## דין וועגן פאַררוקן אַ גרעניץ
(הסגת גבול)

זאָלסט ניט פאַררוקן דיין חבר׳ס גרעניץ, וואָס די פריערדיקע האָבן אָפּגעגרעניצט, אין דיין נחלה וואָס דו וועסט ירש׳ענען אין לאַנד וואָס דיין גאָט גיט דיר!

(גרעניצן אויף פעלדער פלעגן געמאַכט ווערן דורך גראָבנס, אָדער דורך צאַמען פון שטיינער. שלעכטע מענטשן האָבן תמיד איבערגערוקט די גרעניצן און פאַרכאַפּט פרעמד פעלד. דאָס איז גע־רעכנט געוואָרן ביי אידן פאַר איינע פון די גרעסטע פאַרברעכנס. ״הסגת גבול״ איז אויך שייך אין צונעמען ביי יענעם אַ פּראָפעסיע, אַ שטעלע, אָדער וואָסער עס איז קוואַל פון פרנסה)!

* * * *

## דין וועגן עדות זאָגן

עס זאָל ניט אויפשטיין איין עדות אַקעגן אַ מענטשן וועגן אַ פאַרברעכן אָדער אַ פאַרזינדיקונג, — אין יעדער זינד וואָס עמיצער זינדיקט מוז די זאַך באַשטעטיקט ווערן דורך צוויי אָדער דריי עדות.

אַז עס וועט אויפשטיין אַן אומגערעכטער עדות אַקעגן אַ מענטשן צו זאָגן אויף אים, אַז ער האָט אָפּגעקערט פונם געזעץ, זאָלן די צוויי מענטשן, וואָס האָבן די קריג צווישן זיך, זיך שטעלן פאַר גאָט, פאַר די כהנים און שופטים, וואָס וועלן זיין אין יענע טעג. און די ריכטער זאָלן גוט אויספאָרשן, און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז דער עדות איז אַ פאַלשער עדות, ער האָט געזאָגט ליגן אויף זיין ברודער, זאָלט איר טאָן צו אים אַזוי ווי ער האָט געטראַכט צו טאָן צו זיין ברודער. און זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

און די איבעריקע וועלן הערן און וועלן מורא האָבן, און זיי וועלן ניט טאָן נאָך אַזאַ שלעכטע זאַך.

און זאָל דיין אויג זיך ניט דערבאַרעמען: אַ נפש פאַר אַ נפש, אַן אויג פאַר אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן, אַ האַנט פאַר אַ האַנט, א פוס פאַר א פוס!

* * * *

## דיין וועגן מלחמה

אַז דו וועסט אַרויסגיין אויף מלחמה אַקעגן דיין פיינט, און דו וועסט דערזען פערד און רייטוואָגן, און אַ פאָלק גרעסער פון דיר, זאָלסטו ניט מורא האָבן פאַר זיי, וואָרים דיין גאָט, וואָס האָט דיך אויפגעבראַכט פון לאַנד מצרים, איז מיט דיר!

און עס וועט זיין, ווען איר דערנענטערט זיך צו דער מלחמה, זאָל דער כהן צוקומען און זאָל רעדן צום פאָלק און זאָל זיי זאָגן:

— הער, ישראל! איר דערנענטערט זיך היינט צו מלחמה אויף אייער פיינט. זאָל אייער האַרץ ניט ווייך ווערן. איר זאָלט קיין מורא ניט האָבן, און איר זאָלט זיך ניט איילן צו אַנטלויפן, און זיך ניט שרעקן פאַר זיי. וואָרים אייער גאָט, ער גייט מיט אייך צו מלחמה האַלטן פאַר אייך מיט אייערע פיינט, צו העלפן אייך!

און די אויפזעער (שומרים) זאָלן רעדן צום פאָלק, אַזוי צו זאָגן:

— ווער איז דער מאַן, וואָס האָט אויסגעבויט אַ ניי הויז און האָט עס נאָך ניט באַניים, זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, טאָמער וועט ער געטויט ווערן אין דער מלחמה און אַן'אַנדערער וועט עס באַנייען!... און ווער איז דער מאַן, וואָס האָט געפלאַנצט אַ ווייגאָרטן און האָט נאָך ניט אָנגעהויבן צו עסן פון זיינע פרוכט, זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, טאָמער וועט ער געטויט ווערן אין דער מלחמה און אַן'אַנדערער וועט אָנהויבן עסן פון די פרוכט!... און ווער איז דער מאַן וואָס האָט פאַר'קנס'ט אַ ווייב און האָט זי נאָך ניט גענומען, זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, טאָמער וועט ער געטויט ווערן אין דער מלחמה און אַן'אַנ-דערער וועט זי נעמען!...

און די אויפזעער זאָלן ווייטער רעדן צום פאָלק און זאָגן:

— ווער איז דער מאַן וואָס איז אַ שרעקעדיקער און אַ ווייכ־האַרציקער, זאָל ער גיין און זיך אומקערן צו זיין היים, כדי ער זאָל ניט מאַכן צוגיין דאָס האַרץ פון זיינע ברידער אַזוי ווי זיין האַרץ!...

און ווען די שוטרים וועלן ענדיקן רעדן צום פאָלק, זאָלן זיי באַשטימען חיל־פירער איבער'ן פאָלק.

* * * *

## דין וועגן באַלאַגערונג

אַז דו ועסט זיך דערנענטערן צו אַ שטאָט, צו מלחמה האַלטן אויף איר, זאָלסטו איר פריער רופן צו שלום. און עס וועט זיין, אויב זי וועט דיר ענטפערן מיט שלום, און זי וועט דיר אויפעפענען די טויערן, זאָל דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס געפינט זיך אין איר, זיין אונטערטעניק צו דיר און דיר צאָלן צינזן. אויב אָבער זי וועט ניט וועלן ענטפערן מיט שלום, און וועט מאַכן אַ מלחמה מיט דיר, זאָלסטו זי באַלאַגערן. און אַז גאָט וועט זי איבערגעבן אין דיינע הענט, זאָלסטו טויטן אַלע מאַנספאַרשוינען (די מלחמה־לייט) מיטן שאַרף פון שווערד. נאָר די ווייבער און די קליינע קינדער, און די בהמות, און אַלץ וואָס וועט זיין אין שטאָט, איר גאַנצן רויב, זאָלסטו צונעמען פאַר זיך, און זאָלסט עסן דעם רויב פון דיינע פיינט, וואָס דיין גאָט האָט דיר געגעבן.

אַזוי זאָלסטו טאָן צו אַלע שטעט, וואָס זיינען זייער ווייט פון דיר, וואָס זיינען ניט פון די שטעט פון די היגע פעלקער. אָבער פון די שטעט פון די היגע פעלקער, וואָס דיין גאָט גיט דיר פאַר אַ נחלה, זאָלסטו ניט לאָזן לעבן קיין נשמה, נאָר זאָלסט זיי פאַר־ווּיסטן: דעם חתי, און דעם אמורי, דעם כנעני, און דעם פריזי, דעם חווי, און דעם יבוסי, אַזוי ווי דיין גאָט האָט דיר באַפוילן. כדי זיי זאָלן אייך ניט אויסלערנען צו טאָן די אַלע אומווערדיקייטן, וואָס

זיי האָבן געטאָן לכבוד זייערע אָפּגעטער, און איר וועט זינדיקן צו אייער גאָט!

אַז דו וועסט באַלאַגערן אַ שטאָט אַ לאַנגע צייט צו מלחמה האַלטן אויף איר, כדי זי איינצונעמען, זאָלסטו ניט פאַרדאַרבן אירע בוימער דורך שטויסן אויף זיי אַ האַק. וואָרים פון זיי וועסטו דאָך קאָנען עסן. זאָלסטו זיי ניט פאַרשניידן, און איז דען דער בוים פון פעלד אַ מענטש, צו קומען פאַר דיר אין באַלאַגערונג?

בלויז אַזאַ בוים, וואָס דו ווייסט, אַז ער איז ניט צום עסן, אים מעגסטו פאַרדאַרבן און אויסשניידן, און בויען באַלאַגערונג־ווענט אויף דער שטאָט, וואָס זי מאַכט מיט דיר אַ מלחמה, — ביז זי וועט פאַלן פאַר דיר!

* * * *

## דין וועגן אַ געפונענעם גע׳הרג׳עטן
### (אַ חלל און עגלה־ערופה)

אַז אַ גע׳הרג׳עטער (חלל) וועט געפונען ווערן ליגנדיק אין פעלד, אין לאַנד וואָס דיין גאָט גיט דיר, און עס איז ניט באַוואוסט ווער עס האָט אים דערשלאָגן. זאָלן אַרויסגיין דיינע עלטסטע און דיינע שופטים, און זיי זאָלן אויסמעסטן די שטרעק ביז די שטעט, וואָס אַרום דעם גע׳הרג׳עטן.

און עס זאָל זיין אַזוי: די שטאָט, וואָס איז די נעענטסטע צום חלל, זאָלן אירע זקנים נעמען אַ יונגע קו, וואָס איז נאָך מיט איר קיינמאָל ניט געאַרבעט געוואָרן, וואָס זי האָט נאָך ניט געצויגן אין יאָך. און די זקנים פון יענער שטאָט זאָלן אַראָפּברענגען די יונגע קו צו אַ טייך פון שטאַרק פלייצענדע וואַסער, וואָס ווערט קיינמאָל ניט אויסגעטרוקנט און עס ווערט דאָרטן ניט באַאַרבעט און ניט פאַרזייט, און זיי זאָלן אָפּהאַקן דער יונגער קו דעם קאָפּ דאָרטן אין טייך אַריין.

און די כהנים זאָלן צוקומען און זען. וואָרים זיי האָט גאָט

אויסגעקליבן צו באַדינען אים און צו בענטשן אין גאָט'ס נאָמען, און לויט זייער אָנווייזונג דאַרף אויסגעגלייכט ווערן יעדער קריג און יעדער פּלאָג.

און אַלע זקנים פון שטאָט, וואָס זיינען די נענטסטע צום חלל, זאָלן וואַשן זייערע הענט איבער דער יונגער קו, וואָס מע האָט איר אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ (עגלה ערופה) אין טייך אַריין, און זיי זאָלן אויסרופן און זאָגן:

— אונזערע הענט האָבן ניט פאַרגאָסן דאָסדאָזיקע בלוט, און אונזערע אויגן האָבן עס ניט געזען! (און די כהנים זאָגן נאָכדעם): פאַרגיב דיין פאָלק ישראל, וואָס דו, גאָט, האָסט אויסגעלייזט, און זאָלסט ניט לאָזן קיין אומשולדיק בלוט צווישן דיין פאָלק ישראל (ס'זאָל שוין מער ניט טרעפן אַזוינס!) און זאָל זיי פאַרגעבן ווערן אַט דאָס בלוט!

און דו וועסט דאָן אויסראַמען אומשולדיק בלוט פון צווישן דיר, אויב דו וועסט טאָן וואָס איז רעכטפאַרטיק אין די אויגן פון גאָט!

———: :———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## אַדריאַנוס וויל ווערן אַ גאָט

"תמים תהיה עם ד' אלוהיך" — גאַנץ זאָלסטו זיין מיט דיין גאָט!

די תורה האָט אָנגעזאָגט, אַז די אידן זאָלן ניט זיין אַזוי ווי די געצנדינערישע פעלקער, וואָס בייטן זייערע געטער אַלעמאָל, און ווערן וואָס אַמאָל מער פאַרנאַרישט, נאָר זיי זאָלן אייביק זיין גאַנץ מיטן אייביקן גאָט!

דעם קעניג אַדריאַנוס איז אַמאָל מיאוס געוואָרן אַלע זיינע אָפּ־געטער, און ער האָט שוין בעסער אַליין געוואָלט ווערן אַ "גאָט".

האָט ער אַריינגערופן זיינע דריי גרעסטע און קלוגסטע עצה־געבער (אַדווייזערס, יועצים), און ער האָט זיי געפרעגט:

— ווי דענקט איר, וועל איך קאָנען ווערן אַ גרויסער גאָט, אָדער ניט?...

האָט דער ערשטער אים געענטפערט:

— ס'איז פאַראַן אַ אידישער חכם רבי אליעזר, זאָגט ער, אַז נאָר דער, וואָס קען צעברעכן דעם הימל און די ערד, קאָן זיין אַ גאָט!...

און דער צווייטער האָט געענטפערט:

— ס'איז פאַראַן אַ אידישער חכם רבי יהושע, זאָגט ער, אַז נאָר דער, וואָס קאָן באַשאַפן אַ הימל און אַ ערד, קאָן זיין אַ גאָט!...

און דער דריטער האָט געענטפערט:

— ס'איז פאראן א אידישער חכם רבי עקיבא, זאגט ער, אז נאר דער, וואס קאן איבערמאכן דעם הימל און די ערד אויף אנ'אנ־דער קאליר (פארב), קאן זיין א גאט!...

איז אדריאנוס געווארן זייער טרויעריק, און ניט געקאנט עסן און שלאפן פאר גרוים פארדרוס.

האט אים זיין ווייב געפרעגט:

— אויף וואס טרויערסטו, מיין מאן, וואס פעלט דיר דען?

האט ער געזאגט:

— כ'וויל ווערן א גאט, און מיינע עצה־געבער דערלאזן עס ניט!

האט די קעניגין אים געזאגט:

— איך וועל דיר געבן אנ'אנדער עצה! אזוי ווי איצט האט דער גרויסער גאט, דער באשאפער פון דער וועלט, א פיקדון (דעפאזיט, טראסט) ביי דיר, נעם און גיב אים אפ צוריק זיין פיקדון און ווער אליין א גאט!

— וואס פאר א פיקדון איז עס? — פרעגט ער.

— די נשמה! — ענטפערט זי.

— אויב איך וועל אים אפגעבן די נשמה, וועל איך דאך ניט קאנען לעבן מער? — פרעגט ער.

— אויב אזוי? — ענטפערט זי — אז דו קאנסט פאר זיך אליין דאס לעבן ניט פארזיכערן אן גאט'ס הילף, היינט ווי אזוי קאנסטו זיין א "גאט" פאר אנדערע?!...

* * * *

2.

## אויף שלום שטייט די וועלט

די תורה האט געזאגט:

"אז דו וועסט צוקומען צו א שטאט צו מלחמה האלטן מיט איר,

זאָלסטו זי פריער רופן צו שלום און זען דורכקומען מיט גוטן!"

רבי שמעון בן גמליאל האָט געזאָגט:

— אויף דריי זאַכן שטייט די וועלט: אויף דין, אויף אמת און אויף שלום!

רבי יהושע האָט געזאָגט:

— שלום איז די גרעסטע זאַך אויף דער וועלט, ווייל גאָט'ס נאָמען איז שלום!

רבי אלעאי האָט געזאָגט:

— אַ מענטש מעג אַמאָל משנה זיין אַ וואָרט צוליב שלום!

רבי ישמעאל האָט געזאָגט:

— שלום איז אַזוי וויכטיק, אַז גאָט אַליין איז באַשטאַנען, אַז זיין נאָמען זאָל אָפּגעמעקט ווערן אין וואַסער, אַבי עס זאָל הערשן שלום צווישן מאַן און ווייב!

רבי שמעון בן חלפתא האָט געזאָגט:

— גאָט האָט ניט געפונען קיין אַנדער כלי, וואָס האַלט אַ ברכה פאַר אידן, ווי נאָר דער שלום!

— אויב איר דענקט, אַז ס'איז פאַראַן עסן און טרינקען, איז שוין גענוג, — אויב, אָבער, ס'איז קיין שלום ניטאָ, איז דאָס אַלץ גאָרניט, וואָרים שלום וועגט איבער אַלצדינג!

רבי אליעזר האָט געזאָגט:

— די נביאים האָבן געוואָלט איינפלאַנצן אין מענטשנ'ס הערצער נאָר שלום!

— "חיים כולכם היום", איר לעבט היינט אַלע! ווי אַזוי וועט איר אַלע קאָנען בלייבן לעבן אַלס אַ פאָלק? — ווען איר וועט זיין איין בונד און לעבן אין שלום!

———:———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**משפט צדק** (אַ גערעכטער משפט).

**השוחד יעוור עיני פקחים** (דער שוחד מאַכט בלינד די אויגן פון זעענדיקע):
"כאַבאַר פאַרבלענדזט די אויגן".

**צדק צדק תרדוף** (זאָלסט נאָכיאָגן נאָך גערעכטיגקייט).

**חלק כחלק** (גלייכע חלקים).

**על פי התורה** (לויט דער תורה).

**ישמעו וייראו** (זאָלן זיי הערן און מורא האָבן).

**בשוגג** (אומגערן).

**במזיד** (אומיסטן).

**לא תסיג גבול** (זאָלסט ניט פאַררוקן קיין גרעניץ):
"מסיג גבול זיין"; "הסגת גבול".

**גואל הדם** (דער אויסלייזער פון בלוט):
מ'זאָגט אויף איינעם, וואָס נעמט זיך אָן פאַר אַ פריינט: "ער איז זיין גואל הדם"...

**עגלה ערופה** (אַ געקעפּטע קו).

**ידינו לא שפכו את הדם הזה** (אונזערע הענט האָבן דאָסדאָזיקע בלוט ניט פאַרגאָסן):
אָנשטאָט: מיר זיינען דערין אַבסאָלוט ניט שולדיק.

**הישר בעיני ד'** (וואָס איז רעכטפאַרטיק אין גאָט'ס אויגן).

———::———

סדרה

# כי תצא

(אז דו וועסט ארויסגיין)

## דין וועגן אַ געפאַנגענער פרוי

אַז דו וועסט אַרויסגיין אין מלחמה אַקעגן דיינע פיינט, און דיין גאָט וועט דעם פיינט איבערגעבן אין דיין האַנט, און דו וועסט פאַנגען פון אים געפאַנגענע, און דו וועסט זען צווישן די געפאַנגענע אַ שיין־געשטאַלטיקע פרוי, און דו וועסט זי גלוסטן צו נעמען זי דיר פאַר אַ ווייב.

זאָלסטו זי ברענגען אין דיין הויז, און זי זאָל אָפּגאָלן איר קאָפּ (וואָס ס'איז דאַן געווען אַ סימן פון טרויער פאַר מענער און פרויען), און זי זאָל אָפּשניידן אירע נעגעל (אויך אַ סימן פון טרויער. ווייל די פרויען אין אָריענט פלעגן לאָזן וואַקסן זייערע נעגעל און זיי פאַרבן), און זי זאָל אַראָפּנעמען פון זיך דאָס קלייד פון איר געפאַנגענשאַפט, און זי זאָל זיצן אין דיין הויז און באַווײנען איר פאָטער און איר מוטער אַ חודש צייט.

און נאָכדעם (ווען זי וועט זיך באַרוהיקן פון איר טרויער, וואָס זי האָט פאַרלאָרן איר משפחה און איר פאָטערלאַנד) מעגסטו קומען צו איר און ווערן איר מאַן, און זי זאָל ווערן דיין ווייב.

און אויב זי וועט דיר שפּעטער נמאָס ווערן און דו וועסט זי מער ניט וועלן, זאָלסטו זי אַוועקשיקן פריי וואוהין זי וויל, אָבער פאַרקויפן פאַר געלט טאָרסטו זי ניט פאַרקויפן. זאָלסט ניט אַרבעטן

מיט איר אַלם דינסט, דערפאַר וואָס דו האָסט זי געפּייניקט (גענומען זי פאַר אַ ווייב קעגן איר ווילן !).

* * * *

## דין וועגן אַ פאַרהאַסטער פרוי

אַז אַ מאַן וועט האָבן צוויי ווייבער, איינע אַ באַליבטע און איינע אַ פאַרהאַסטע, און זיי ביידע וועלן אים געבוירן זין, און דער זון דער בכור וועט זיין פון דער פאַרהאַסטער, — איז אין דעם טאָג ווען ער צעטיילט די ירושה צו זיינע זין, קאָן ער ניט מאַכן פאַרן בכור דעם זון פון דער באַליבטער איבער דעם זון פון דער פאַר־האַסטער, דעם אמת'ן בכור.

נאָר דעם בכור, דעם זון פון דער פאַרהאַסטער, מוז ער אָנער־קענען צו געבן אים צוויי חלקים פון אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט.

וואָרים ער איז דער ערשטלינג פון זיין קראַפט, — צו אים גע־הערט דאָס רעכט פון דער בכורה.

* * * *

## דין וועגן אַ ווידערשפּעניקן זון
(בן סורר ומורה)

אַז אַ מאַן וועט האָבן אַ זון אַן אָפּקערער פון גוטן וועג און אַ ווידערשפּעניקער, וואָס ער פאָלגט ניט זיין פאָטער און מוטער, און זיי וועלן אים שטראָפן און ער וועט זיך אַלץ ניט צוהערן צו זיי. זאָלן זיין פאָטער און מוטער אים אָננעמען און אים אַרויספירן צו די עלטסטע פון זיין שטאָט, און צום טויער פון זיין אָרט. און זיי זאָלן זאָגן צו די עלטסטע פון זיין שטאָט:

— דערדאָזיקער זון אונזערער איז אַ "סורר ומורה", ער פאָלגט אונז ניט. ער איז אַ פרעסער און אַ זויפער (זולל וסובא) !

און אַלע מענטשן פון זיין שטאָט זאָלן אים פאַרוואַרפן מיט שטיינער, און ער זאָל שטאַרבן. און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

און גאַנץ ישראל וועלן הערן און וועלן מורא האָבן.

* * * *

## דין וועגן אַ פאַר׳משפט׳ן צום טויט

און אַז אויף אַ מענטשן וועט זיין אַ זינד, וואָס פאַר איר קומט אים טויט־שטראָף, און ער וועט געטויט ווערן, און דו וועסט אים אויפהענגען אויף אַ בוים. זאָלסטו ניט לאָזן זיין טויטן קערפּער (נבלה) איבערנעכטיקן אויפן בוים, נאָר זאָלסט אים באַגראָבן אין דעם זעלבן טאָג. וואָרים אַ קללה פון גאָט איז אַ געהאָנגענער. און זאָלסט ניט פאַראומרייניקן דיין ערד, וואָס דיין גאָט גיט דיר פאַר אַ נחלה.

* * * *

## דין וועגן אומקערן אַ פאַרלאָרענע זאַך
(השבת אבדה)

זאָלסט ניט זען דיין ברודער׳ס אָקס אָדער זיין שעפּס פאַר־בלאָנדזשעטע און זיך פאַרהוילן פון זיי (זיך מאַכן ניט זעענדיק), — נאָר זאָלסט זיי באַלד אומקערן צו דיין ברודער.

און אויב דיין ברודער איז ניט נאָענט צו דיר, אָדער דו ווייסט גאָרניט ווער ער איז, זאָלסטו די אבדה אַריינגעמען צו זיך אין הויז אַריין, און זי זאָל זיין ביי דיר ביז דיין ברודער וועט זיך דערויף נאָכ־פרעגן, און דאַן זאָלסטו אים אומקערן.

און אַזוי זאָלסטו טאָן מיט זיין אייזל, מיט אַ קלייד און מיט

יעדער פאַרלאָרענער זאַך (אבדה), וואָס וועט פאַרלאָרן ווערן פון דיין ברודער און דו וועסט זי געפינען, — טאָרסט זיך ניט פאַרהוילן!

* * * *

## דין וועגן העלפן אַ צווייטן

זאָלסט ניט זען דיין ברודער׳ס אייזל אָדער זיין אָקס, וואָס איז געפאַלן אין וועג (אונטער אַ שווערער משאָ) און זיך פאַרהוילן פון זיי.

נאָר אינאיינעם מיט דיין ברודער זאָלסטו העלפן אויפשטעלן זיי.

* * * *

## דין וועגן קליידער

אויף אַ פרוי זאָל ניט זיין אַ קלייד פון אַ מאַנספּאַרשוין, און אַ מאַן זאָל ניט אָנטאָן קיין קלייד פון אַ פרוי. וואָרים אַן אומווירדיגקייט ביי דיין גאָט איז יעדערער וואָס טוט דידאָזיקע זאַכן.

(ביי די אַלטע מזרח־פעלקער, די געצנדינער, איז געווען אַזאַ מנהג צו קליידן זיך אין מלבושים ניט פון זייער געשלעכט צוליב אויסגעלאַסנקייט).

* * * *

## דין וועגן אַ נעסט
(שלוח הקן)

אַז עס וועט זיך טרעפן פאַר דיר אין וועג אַ נעסט פון אַ פויגל, אויף אַ בוים אָדער אויף דער ערד, מיט פייגעלאַך אָדער מיט אייעלאַך, און די מוטער זיצט אויף די פייגעלאַך אָדער אויף די אייעלאַך, —טאָרסטו ניט נעמען די מוטער אינאיינעם מיט די קינדער, נאָר

זאָלסטו פריער די מוטער אַוועקשיקן פון דער נעסט, און דאַן מעגסטו דיר נעמען די קינדער.

כדי עס זאָל דיר גוט זיין און דו זאָלסט מאריך־ימים זיין.

(די מצוה לערנט צו זיין געהיט אין צער־בעלי־חיים).

* * * *

## דין וועגן אַ גדר אַרום דאַך

אַז דו וועסט בויען אַ נייַ הויז, זאָלסטו מאַכן אַ גדר (אַ געלענדער, אַ גראַטע) אַרום דאַך, כדי דו זאָלסט נישט ברענגען קיין בלוט־פאַר־גיסונג אויף דיין הויז, ווען עמיצער וועט אַראָפּפאַלן פון דעם. (די דעכער פלעגן זיין פלאַך, און מענטשן זיינען געזעסן אויף זיי צו שעפּן לופט, אָדער זיינען געשלאָפן דאָרטן).

* * * *

## דין וועגן כלאים

דו זאָלסט נישט פאַרזייען דיין וויינגאָרטן געמישט (כלאים) מיט אַנדערע מינים, כדי עס זאָל נישט אומווירדיק ווערן אי די פולע תבואה פון די זאָמען וואָס דו וועסט פאַרזייען, אי די פרוכט פון וויינגאָרטן (און דו וועסט נישט טאָרן קיין הנאה האָבן דערפון).

דו זאָלסט נישט אַקערן מיט אַן אָקס און אַן אייזל אינאיינעם (ווייל זיי זיינען פון צוויי מינים).

דו זאָלסט נישט אָנטאָן קיין "שעטנז", וואָל און פלאַקס אינאיינעם (ווייל זיי זיינען צוויי מינים).

* * * *

## דין וועגן ציצית

פראַנזן (ציצית, גדילים) זאָלסטו דיר מאַכן אויף די פיר עקן פון דיין צודעק, וואָס דו דעקסט זיך צו דערמיט (פריער זאָגט די תורה, אַז מ׳זאָל מאַכן ציצית אויף די עקן פון די קליידער אויך).

* * * *

## דין וועגן אַ שם-רע

אַז אַ מאַן וועט נעמען אַ ווייב, און ער וועט קומען וואוינען מיט איר, און נאָכדעם וועט ער זי פיינט קריגן, און וועט מאַכן אויף איר אַ בלבול, און ער וועט אַרויסלאָזן אַ שם-רע (שלעכטן נאָמען) וועגן איר, און זאָגן: איך האָב גענומען דידאָזיקע פרוי אַלס אַ בתולה (מיידל), און איצט האָב איך אויסגעפונען, אַז זי איז ניט געווען קיין בתולה (נאָר זי האָט שוין געהאַט אַ מאַן).

איז אויב איר פאָטער און מוטער קאָנען באַווייזן מיט סימנים צו די עלטסטע פון שטאָט, וואָס זיצן ביים טויער, אַז זייער טאָכטער איז יאָ געווען אַ בתולה, ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם מאַן, נאָר איר מאַן האָט זי פיינט געקראָגן, האָט ער דערפאַר אויס-געטראַכט אויף איר אַ בלבול, זאָלן די עלטסטע פון שטאָט באַ-שטראָפן דעם מאַן מיט הונדערט זילבערשטיק, און דאָס געלט זאָלן זיי געבן צום פאָטער פון דעם מיידל, און זי דאַרף בלייבן זיין פרוי אויף שטענדיק, און ער קאָן זי ניט אָװעקשיקן מיט אַ גט.

אויב, אָבער, דידאָזיקע זאַך איז טאַקע אמת, אַז זי איז טאַקע ניט געווען קיין בתולה צו דער חתונה, זאָל מען די יונגפרוי אַרויס-פירן צום איינגאַנג פון איר פאָטער׳ס הויז, און די מענטשן פון שטאָט זאָלן זי פאַרשטיינען צום טויט. וואָרים זי האָט געטאָן אַ מיאוסע זאַך צווישן אידן (נבלה בישראל), און זי איז געווען אַן אויסגע-לאַסענע אין איר פאָטער׳ס הויז.

און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

* * * *

## דין וועגן אַן אשת-איש

אַז אַ מאַן וועט געפונען ווערן זינדיקענדיק מיט אַ פרוי וואָס זי האָט אַן׳אַנדער מאַן (אַן אשת-איש), זאָלן ביידע, דער מאַן און די פרוי, געטויט ווערן.

און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון ישראל!

* * * *

## דין וועגן אַ פאַר׳קנס׳טער פרוי

אַז אַ בתולה וועט זיין פאַר׳קנס׳ט צו אַ מאַן, און אַן׳אַנדער מאַן וועט זי טרעפן אין שטאָט און זינדיקן מיט איר, — זאָל מען זיי ביידע אַרויספירן צום טויער פון שטאָט און מע זאָל זיי פאַרשטיינען צום טויט. די יונגפרוי — דערפאַר וואָס זי האָט ניט געשריען אין שטאָט. און דעם מאַן — דערפאַר וואָס ער האָט געפייניקט אַ פרעמד-דענ׳ס פרוי.

און דו זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

אויב, אָבער, דער מאַן וועט דאָס פאַר׳קנס׳טע מיידל טרעפן אין פעלד, און ער וועט זינדיקן מיט איר. זאָל נאָר דער מאַן געטויט ווערן, אָבער דאָס מיידל טראָגט ניט קיין זינד אויף זיך. וואָרים דאָס איז פונקט, ווי איינער באַפאַלט אַ צווייטן און דער׳הרג׳עט אים אין פעלד. דאָס מיידל האָט געקאָנט אַפילו שרייען, און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל איר העלפן.

* * * *

## דין וועגן אַ ניט-פאַר׳קנס׳טע פרוי

אַז אַ מאַן וועט טרעפן אַ מיידל ניט קיין פאַר׳קנס׳טע, און ער וועט זי אָנכאַפּן און זינדיקן מיט איר. זאָל דער זינדיקער מאַן באַצאָלן דעם מיידל׳ס פאָטער פופציק זילבערשטיק (די סומע פון אַמאָליקן נדן, וואָס מע פלעג צאָלן צום פאָטער), און ער זאָל זי נעמען פאַר אַ ווייב, דערפאַר וואָס ער האָט זי געפּייניקט. ער קאָן זי קיינמאָל ניט אַוועקשיקן מיט אַ גט!

* * * *

## דין וועגן משפּחה-און-פאָלק ריינקייט
### (טהרת המשפחה וטהרת העם)

אַ מאַן זאָל ניט נעמען זיין פאָטער׳ס ווייב (זיין אַלמנה אָדער גרושה).

אַ צעדריקטער און אַ פאַרשניטענער אין די שאַנד-גלידער זאָל ניט קומען אין גאָט׳ס פאָלק. (זאָל ניט זיין קיין פולבאַרעכטיקטער בירגער).

אַ ממזר זאָל ניט קומען אין גאָט׳ס פאָלק. אויך דער צענטער דור פון אים זאָל ניט קומען אין גאָט׳ס פאָלק.

אַן עמוני און אַ מואָבי זאָל ניט קומען אין גאָט׳ס פאָלק. אויך דער צענטער דור פון זיי זאָל ניט קומען אין גאָט׳ס פאָלק. דערפאַר וואָס זיי זיינען אייך ניט אַקעגנגעקומען מיט ברויט און מיט וואַסער אין וועג, ווען איר זיינט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, און דערפאַר וואָס ער האָט געדונגען בלעם בן בעור צו שילטן דיך, נאָר דיין גאָט האָט ניט געוואָלט צוהערן צו בלעמ׳ען און ער האָט דיר פאַרקערט די קללה אין אַ ברכה, ווייל דיין גאָט האָט דיך ליב.

דו זאָלסט ניט זוכן זייער שלום און זייער טובה אַלע דיינע טעג, אייביק.

דו זאָלסט ניט פאַראומווערדיקן קיין אדומי, וואָרים ער איז דיין ברודער. זאָלסט ניט פאַראומווערדיקן קיין מצרי, ווייל אַ גר ביזטו געווען אין זיין לאַנד. די קינדער וואָס וועלן ביי זיי געבוירן ווערן, דער דריטער דור, מעגן קומען אין גאָט׳ס פאָלק.

* * * *

## דין וועגן לאַגער-ריינקייט

אַז דו וועסט אַרויסגיין אין מלחמה-לאַגער אַקעגן דיינע פיינט, זאָלסטו זיין אָפּגעהיט פון יעדער שלעכטער זאַך. אַז עס וועט זיין ביי דיר אַ מאַן, וואָס וועט ניט זיין ריין דורך אַ נאַכטיקער טרעפּע־ניש פון אומריינקייט, זאָל ער אַרויסגיין אויסער׳ן לאַגער, און פאַר־נאַכט זאָל ער זיך וואַשן אין וואַסער, און נאָך זון-פאַרגאַנג מעג ער קומען צוריק אין לאַגער.

און אַן אָפּגעזונדערט אָרט זאָלסטו האָבן אויסער׳ן לאַגער, און אַהין זאָלסטו גיין פאַר נאַטירלאַכע באַדערפעניש. און אַ פלאָקן זאָלסטו האָבן ביי דיינע וואָפן (כלי זיין), און דערמיט זאָלסטו אויפ־גראָבן די ערד און פאַרדעקן די צואָה (קויט).

וואָרים דיין גאָט גייט אום אינמיטן פון דיין מחנה צו מציל זיין דיך און צו געבן דיינע פיינט פאַר דיר, דערום זאָל דיין מחנה זיין הייליק, און ער זאָל ניט זען ביי דיר קיין מיאוסע זאַך, און ער זאָל ניט דאַרפן אָפּקערן פון דיר.

* * * *

## דין וועגן אַן אַנטלאָפענעם קנעכט

דו זאָלסט ניט איבערגעבן קיין קנעכט צו זיין האַר, ווען ער וועט זיך ראַטעווען צו דיר (אַנטלויפנדיק פון זיין קנעכטשאַפט).

מיט דיר זאָל דער אַנטלאָפענער קנעכט זיצן, אין דעם אָרט

וואָס ער אַליין וועט פאַר זיך אויסקלייבן, אין איינער פון דיינע שטעט, וואו עס איז פאַר אים בעסער.

דו זאָלסט אים ניט נאַרן (ווען ער טוט אַן ארבעט פאַר דיר).

* * * *

## דין וועגן אויסגעלאַסנקייט

עס זאָל ניט זיין קיין אויסגעלאַסענע פרוי פון די טעכטער פון ישראל. און עס זאָל ניט זיין קיין אויסגעלאַסענער מאַן פון די זין פון ישראל.

זאָלסט ניט ברייננגען קיין מתנה פון אַן אויסגעלאַסענער פרוי (אתנן זונה) און קיין געצאָלט פון אַן אויסגעלאַסענעם מאַן (מחיר כלב) אין הויז פון דיין גאָט פאַר קיין שום נדר. וואָרים אַן אומווער־דיגקייט ביי דיין גאָט זיינען ביידע.

* * * *

## דין וועגן צינזן

דו זאָלסט ניט לייען דיין ברודער אויף צינזן (נשך־בייסונג, אינ־טערעסט, עיסקאָ), סיי צינזן פון געלט, סיי צינזן פון עסנוואַרג, און סיי צינזן פון יעדער זאַך וואָס ווערט באַצאָלט מיט ריווח פאַרן לייען.

דעם פרעמדן (פון אַנדערע לענדער, וואָס קומט צו דיר) מעגסטו לייען אויף צינזן; אָבער דיין ברודער טאָרסטו ניט לייען אויף צינזן, כדי דיין גאָט זאָל דיך בענטשן אין אַלץ וואָס דו וועסט טאָן אין דעם לאַנד, וואוהין דו קומסט צו ירש'ענען.

* * * *

## דין וועגן באַצאָלן אַ נדר

אַז דו וועסט אַ נדר טאָן צו דיין גאָט, זאָלסטו ניט פאַרשפּעטיקן אים צו באַצאָלן, וואָרים דיין גאָט וועט אים פאָדערן פון דיר. און עס וועט זיין אויף דיר אַ זינד.

אויב דו וועסט פאַרמיידן צו טאָן אַ נדר (דו וועסט גאָרניט מנדר זיין), וועט אויף דיר קיין זינד ניט זיין. אָבער דאָס וואָס דו לאָזט אַרויס פון דיינע ליפּן (מוצאָ שפתיך) זאָלסטו אָפּהיטן, און זאָלסט טאָן אַזוי ווי דו האָסט מנדר געווען צו דיין גאָט פרייוויליק.

וואָס דו רעדסט מיטן מויל דאַרף זיין הייליק.

* * * *

## דין וועגן אייגנטום

אַז דו וועסט אַריינקומען אין דיין פריינט׳ס ווייַנגאָרטן (און דו ביזט הונגעריק), מעגסטו עסן דאָרטן וויינטרויבן צו זאַט וויפיל דו ווילסט; אָבער אַריינלעגן אין דיין כלי און מיטנעמען מיט זיך טאָרסטו ניט.

אַז דו וועסט אַריינקומען אין דיין פריינט׳ס תבואה, מעגסטו דאָרטן אָפּרייסן זאַנגען מיט דיין האַנט צו עסן די קערנער; אָבער אויפהויבן אַ שניידמעסער אויף דיין פריינט׳ס תבואה טאָרסטו ניט!

* * * *

## דין וועגן אַ גט

אַז אַ מאַן וועט נעמען אַ ווייב, און ער וועט איר זיין אַ געטרייער מאַן אַ שטיק צייט, און עס וועט טרעפן שפּעטער, אַז זי וועט מער ניט געפינען קיין חן אין זיינע אויגן, ווייל ער האָט אין

איר אויסגעפונען א מיאוסע זאך, זאל ער איר אנשרייבן א גט און געבן אין איר האנט, און זאל זי אוועקשיקן פון זיין הויז (אזוי ווי דער דין איז, און ווי עס פלעגט זיך פירן תמיד).

און אז זי וועט ארויסגיין פון זיין הויז און וועט גיין און ווערן א ווייב צו אן'אנדער מאן, און דער לעצטער מאן וועט זי אויך פיינט קריגן, און ער וועט איר אנשרייבן א גט און געבן אין איר האנט און זי אוועקשיקן פון זיין הויז, — אדער דער לעצטער מאן, וואס האט זי גענומען צו זיך פאר א ווייב, וועט שטארבן, — טאר איר ערשטער מאן, וואס האט זי אוועקגעשיקט, נית צוריקנעמען זי צו זיך פאר א ווייב, נאכדעם אז זי איז פאראומרייניקט געווארן.

ווארים אן אומווערדיגקייט איז דאס פאר גאט. און זאלסט נית זינדיק מאכן דאס לאנד, וואס דיין גאט גיט דיר פאר א נחלה.

* * * *

## יושר און רחמנות

א) אז א מאן וועט נעמען א ניי ווייב (נית צוריקנעמען א גע'גט ווייב), זאל ער נית דארפן ארויסגיין אין חיל, און אויף אים זאל נית ארויפגעלייגט ווערן קיין שום פליכט צום לאנד. פריי זאל ער זיין צו זיין היים איין יאר, און ער זאל דערפרייען זיין ווייב וואס ער האט גענומען.

---

ב) דער וואס אנטלייט א צווייטן געלט, זאל נית נעמען אלס משכון א האנטמיל אדער דעם אויבערשטן מילשטיין, ווארים א נפש נעמט ער אין משכון (יענער מוז דאס האבן צו דערהאלטן זיין לעבן, און קיינע נויטיקע זאכן צום לעבן טאר מען נית נעמען אלס משכונות).

---

ג) אַז עמיצער וועט געפונען ווערן גנב'ענדיק אַ מענטשן פון זיינע ברידער, פון די בני ישראל, און ער וועט מיט אים אַרבעטן שווער, און וועט אים פאַרקויפן, זאָל יענער גנב געטויט ווערן. און זאָלסט אויסראַמען דאָס שלעכטס פון צווישן דיר.

---

ד) זיי אָפּגעהיט מיט דער פּלאָג פון צרעת (לעפּראָסי), צו היטן זיך זייער און צו טאָן אַלץ, וואָס די כהנים פון שבט לוי וועלן אייך לערנען, אַזוי ווי איך האָב זיי באַפוילן.

געדענק וואָס דיין גאָט האָט געטאָן צו מרים'ען אין וועג, ווען איר זיינט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים.

---

ה) אַז דו וועסט אַנטלייען דיין פריינט עפּיס אַ הלואה, זאָלסטו ניט אַריינגיין צו אים אין הויז אַריין צו אויסקלייבן זיך ביי אים אַ משכון; אין דרויסן זאָלסטו שטיין, און דער מאַן, וועמען דו אַנטלייסט, זאָל אַליין דיר אַרויסטראָגן אַ משכון דרויסן.

און אויב ער איז אַן אָרימאַן און גיט זיין צודעק אַלס משכון, זאָלסטו זיך ניט לייגן שלאָפן מיט זיין משכון, נאָר זאָלסט דעם משכון אומקערן ווען די זון גייט אונטער; כדי ער זאָל זיך לייגן מיט זיין צודעק, און ער וועט דיך בענטשן. און דיר וועט עס זיין גערעכנט אַלס אַ צדקה (גערעכטיגקייט) פאַר דיין גאָט.

---

ו) זאָלסט ניט רויבן (אַראָפּדריקן) דעם לוין פון אַן אָרימאַן און נויטבאַדערפטיקן, פון דיינע ברידער אָדער פון אַ פרעמדן, וואָס וואוינט ביי דיר אין שטאָט אין דיין לאַנד.

אין דעמזעלבן טאָג זאָלסטו אים געבן זיין לוין, און די זון זאָל ניט אונטערגיין איידער דו באַצאָלסט אים. וואָרים ער איז אַן אָרימאַן און ער קוקט דערויף אַרויס; און זאָל ער ניט רופן צו גאָט אויף דיר, צו באַקלאָגן זיך, און אויף דיר וועט זיין אַ זינד.

---

ז) זאָלן פאָטערס ניט געטויט ווערן פאַר די זינד פון קינדער; און קינדער זאָלן ניט געטויט ווערן פאַר די זינד פון פאָטערס (ביי אַסך פעלקער פלעגט זיין אַזאַ מין איינפיר), — איטלאַכער פאַר זיין זינד זאָל געטויט ווערן.

---

ח) זאָלסט ניט פאַרבויגן דעם משפט פון אַ פרעמדן, פון אַ יתום. און דו זאָלסט ניט נעמען אַלס משכון דעם בגד פון אַן אַלמנה. און זאָלסט געדענקען, אַז דו ביזט געווען אַ קנעכט אין מצרים, און דיין גאָט האָט דיך אויסגעלייזט פון דאָרטן. דערום באַפעל איך דיר צו טאָן דידאָזיקע זאַכן. (אַזוי ווי איך האָב רחמנות געהאַט אויף דיר, ווען דו ביזט געווען אומבאַשיצט, אַזוי זאָלסטו רחמנות האָבן אויף יענע וואָס האָבן ניט ווער עס זאָל זיי באַשיצן!)

---

ט) אַז דו וועסט שניידן דיין תבואה אין פעלד און וועסט פאַר־געסן אַ גאַרב, זאָלסטו זיך ניט אומקערן צו נעמען אים. פאַרן פרעמדן, פאַרן יתום און פאַר דער אַלמנה זאָל עס זיין, כדי דיין גאָט זאָל דיך בענטשן אין אַלץ וואָס דיינע הענט וועלן טאָן.

אַז דו וועסט אָפּקלאַפּן דיין איילבירטבוים, זאָלסטו ניט איבער־קוקן נאָכאַמאָל די צווייגן, וואָס בלייבן הינטער דיר (און ניט אַראָפּ־קלאַפּן די געבליבענע איילבירטן). פאַרן גר, פאַרן יתום און פאַר דער אַלמנה זאָל עס זיין.

אַז דו וועסט אַראָפּרייסן די פרוכט פון דיין ווייגאָרטן, זאָלסטו ניט רייסן די יונגע ווייַנטרויבן, וואָס בלייבן הינטער דיר. פאַרן גר, פאַרן יתום און פאַר דער אַלמנה זאָל עס זיין.

* * * *

## דין וועגן לייבשטראָף

אַז עס וועט זיין אַ קריג צווישן מענטשן, און זיי וועלן קומען צום משפט און מע וועט זיי משפט'ן, דעם גערעכטן וועט מען גערעכט

מאַכן און דעם שולדיקן וועט מען שולדיק מאַכן, און עס וועט זיין, אויב דעם שולדיקן קומט שלאָגן, — זאָל דער שופט (ריכטער) אים הייסן אַנידערלייגן און מע זאָל אים שלאָגן פאַר אים אין די אויגן, לויט זיין שולד, מיט אַ באַשטימטער צאָל שמיץ: פערציק שמיץ זאָל מען אים שמייסן, ניט מער. טאָמער שלאָגט מען אים מער, וועט עס הייסן, אַז מע שענדט דיין ברודער פאַר דיינע אויגן.

(לויט די חכמים זאָגן, האָט מען געשמיסן מיט אַ דריי־רימענדיקן קאַנטשיק (רצועה, ביימש) דרייצען מלקות, פלעגט עס אויסמאַכן ניין־און־דרייסיק, ד. ה. "ארבעים חסר אחת", פערציק אָן איינס).

* * * *

## רחמנות אויף בהמות

זאָלסט ניט פאַרשליסן דאָס מויל פון אַן אָקס, ווען ער דרעשט.

(ווען די בהמה טוט פאַר דיר אַן אַרבעט, דאַרפסטו זיך מיט איר אויך באַגיין מיט יושר. עס איז אַ צער, ווען זי זעט פאַר זיך די זאַנגען וואָס זי אַליין דרעשט, און זי קאָן ניט הנאָה האָבן פון זיי).

* * * *

## דין וועגן "יבום" און "חליצה"

אַז ברידער וועלן וואוינען אינאיינעם, און איינער פון זיי וועט שטאַרבן און קיין קינדער האָט ער ניט, זאָל דעם פאַרשטאָרבענעמס ברודער'ס ווייב ניט ווערן אַ ווייב פון אַ פרעמדן מאַן, נאָר איר שוואָגער זאָל איר נעמען פאַר אַ ווייב (דאָס הייסט "יבום" — חתונה האָבן מיט דער שוועגערין. אַמאָל האָט מען געמעגט האָבן מער פון איין ווייב), און דער בכור, וואָס זי וועט נאָכדעם געבוירן, זאָל זיין אויפן נאָמען פון דעם פאַרשטאָרבענעם, כדי זיין נאָמען זאָל ניט אויסגעמעקט ווערן פון ישראל.

אויב, אָבער, דער ברודער וועט ניט וועלן נעמען זיין שוועגערין פאַר אַ ווייב, זאָל זיין שוועגערין אַרויפגיין צום טויער צו די עלטסטע (שופטים) און זאָגן: "מיין שוואָגער וויל ניט אויפשטעלן זיין ברו־דער אַ נאָמען אין ישראל, ער וויל מיך ניט נעמען!"

און די זקנים פון שטאָט זאָלן אים רופן און רעדן צו אים, און אַז ער וועט זיך שטעלן און זאָגן:" איך וויל זי ניט נעמען!", זאָל זיין שוועגערין צוגיין צו אים פאַר די אויגן פון די זקנים און אַראָפּ־ציען זיין שוך פון זיין פוס, און זאָל אַ שפּיי טאָן פאַר אים (אויף דער ערד) און אויסרופן און זאָגן: "אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן, וואָס וויל ניט בויען זיין ברודער׳ס הויז!"

און זיין נאָמען זאָל גערופן ווערן אין ישראל: "בית חלוץ הנעל" — דאָס הויז פון דעם מאַן מיטן אַראָפּגעצויגענעם שוך!...

* * * *

## דיין וועגן וואָג און מאָס

דו זאָלסט ניט האָבן אין דיין בייטל צווייערליי וואָגשטיינער, אַ גרעסערן און אַ קלענערן. (צו קויפן מיט דער וואָג פונם גרעסערן און צו פאַרקויפן מיט דער וואָג פונם קלענערן).

דו זאָלסט ניט האָבן אין דיין הויז צווייערליי מאָסן (איפה איז אַ מאָס פאַר תבואה), אַ גרעסערע און אַ קלענערע.

אַ גאַנצע און אַ ריכטיקע געוויכט (וואָגשטיין) זאָל זיין ביי דיר, אַ גאַנצע און אַ ריכטיקע מאָס זאָל זיין ביי דיר, — כדי דו זאָלסט מאריך ימים זיין אויף דער ערד, וואָס דיין גאָט גיט דיר.

וואָרים אַן אומווערדיגקייט ביי דיין גאָט איז איטלאַכער וואָס טוט אָט די אַלע פאַלשע זאַכן; איטלאַכער וואָס טוט וועלכע־ס׳ניט־איז פאַלשקייטן.

* * * *

# די שנאָה צו עמלק'ן

געדענק וואָס עמלק האָט דיר געטאָן אין וועג, ווען איר זיינט אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. ווי ער האָט דיך געטראָפן אין וועג, און ער האָט פאַרטיליקט די אַלע שוואַכע מענטשן, וואָס זיינען געבליבן הינטן, בשעת דו ביזט געווען מיד און פאַרמאַטערט, און ער האָט פאַר גאָט קיין מוראָ ניט געהאַט.

און דערפאַר אַז עס וועט זיין, ווען דיין גאָט וועט דיך לאָזן צורו פון אַלע דיינע פיינט אַרום, אין לאַנד וואָס דיין גאָט גיט דיר פאַר אַ נחלה צו ירש'ענען עס, זאָלסטו אויסמעקן דעם אָנדענק (זכר) פון עמלק'ן פון אונטערן הימל.

זאָלסט דאָס ניט פאַרגעסן!

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## דאָס רעכט אויף ארץ ישראל

אין די צייטן פונם גרויסן קעניג אַלעקסאַנדער מוקדון זיינען געקומען די קינדער פון ישמעאל צו האָבן אַ משפט מיט די אידן פאַרן קעניג.

די ישמעאלים האָבן גע'טענה'ט אַזוי:

— אין דער תורה שטייט געשריבן, אַז אַ זון אַ בכור אַפילו פון אַ פאַרהאַסטער פרוי מוז אָנערקענט ווערן, און דער פאָטער מוז אים געבן צוויי חלקים פון זיין פאַרמעגן, היינט פאַרוואָס האָבן די אידן צוגענומען ארץ ישראל פאַר זיך?

האָט איינער גביעה בן פסיסאָ זיך אָנגערופן צו די חכמים:

— דערלויבט מיר צו גיין ענטפערן ביים משפט! ממה-נפשך, ווען די ישמעאלים געווינען, וועט איר זיך ניט שעמען; איר וועט קאָנען זאָגן, אַז זיי האָבן באַזיגט אַ פשוט'ן מענטשן, וועלכער איז ניט פון די אידישע חכמים. אויב אָבער איך וועל געווינען, וועט עס דאָן זיין אַ כבוד פאַר אייך; איר וועט קאָנען זאָגן, אַז אַפילו אַ פשוט'ער מענטש האָט פאַרשטאַנען וואָס צו ענטפערן קעגן זייער טענה!...

ביים משפט, ווען דער קעניג האָט געפרעגט דעם אידישן פאָר־שטייער וואָס ער האָט צו ענטפערן, האָט גביעה בן פסיסאָ געזאָגט:

— אויב די קלעגער קומען מיט אַ באַווייז פון אונזער תורה, וועל איך אויך ענטפערן מיט אַ באַווייז פון דער תורה! אין דער

תורה שטייט בפירוש געשריבן, אַז אברהם האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנצן פאַרמעגן צו יצחק'ן, און צו די קינדער פון זיינע קעפּסווייבער האָט ער געגעבן מתנות און זיי אַוועקגעשיקט פון יצחק'ן זיין זון ווען ער האָט נאָך געלעבט. און ווען אַ פאָטער צעטיילט זיין פאַרמעגן ביים לעבן, קאָנען די קינדער צו אים ניט קומען מיט קיין שום טענה, ווייל ער ווייסט די ווערט פון יעדן קינד...

דער קעניג האָט צוגע'פסק'נט די אידן, און די ישמעאלים זיינען אַוועק פאַרשעמטע.

* * * *

2.

## דער שכר פון אַ גרינגער מצוה

ווען איינער טרעפט אַ נעסט פון אַ פויגל, מיט פייגעלאַך אָדער מיט אייער, און די מוטער זיצט אויף זיי, טאָר ער ניט נעמען די מו־טער מיט די קינדער אינאיינעם. נאָר ער דאַרף אַוועקטרייבן פריער די מוטער, און נאָכדעם מעג ער נעמען די קינדער, ווייל ס'איז אַ צער.

אַזוי זאָגט אָן די תורה, און זי גיט באַלד דעם שכר דערפאַר:

"כדי ס'זאָל דיר גוט זיין, און דו זאָלסט מאריך ימים זיין!"

זאָגן די חכמים:

— אויב פאַר אַזאַ גרינגע מצוה פאַרשפּרעכט די תורה אַזאַ שכר, איז דאָך פאַר אַ גרעסערער מצוה אַודאי דער לוין גרוים!

האָט רבי אדא געזאָגט:

— די תורה פאַרמאָגט "תרי"ג מצוות" (זעקס הונדערט און דרייצען געבאָט): "רמ"ח מצוות עשה" (צוויי הונדערט אַכט און פערציק געבאָט, וואָס מ'דאַרף טאָן) זיינען אַקעגן דער צאָל אברים (גלידער) וואָס דער מענטש פאַרמאָגט, — און די "מצוות עשה" שרייען צום מענטשן יעדן טאָג: "טו אונז!", כדי דו זאָלסט לעבן! און "שס"ה מצוות לא־תעשה" (דריי הונדערט פינף און זעכציק

פאַרבאָטן, וואָס מ׳טאָר ניט טאָן) זיינען אַקעגן דער צאָל פון די טעג אין יאָר, — און יעדן טאָג, פון דער מינוט וואָס די זון שיינט אויף ביז זי פאַרגייט, שרייט די זון צום מענטשן: ״היט זיך פאַר אַ זינד!״, כדי דו זאָלסט לעבן!

* * * *

3.

## די כוונה פון די מצוות

רבי שמלאי האָט געזאָגט:

זעקס הונדערט און דרייצען מצוות (תרי״ג) זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן צו משה׳ן אויפן באַרג סיני.

איז געקומען דוד און האָט זייער כוונה אויסגעדריקט (עקספּרעסד) אין עלף מצוות (אין תהלים, קאַפּיטל פופצען):

טאָן גערעכטיגקייט. רעדן אמת. ניט טרייבן קיין רכילות (סלענדער). ניט טאָן קיינעם קיין שלעכטס. ניט פאַרדעקן קיין שאַנד אַפילו אויף אַ קרוב. פאַר׳מיאוס׳ן אַ רשע. מכבד זיין (רעספּעקטירן) אַ צדיק. האַלטן וואָרט אַפילו ווען ס׳איז ניט גוט פאַר זיך אַליין. ניט געבען געלט אויף פּראָצענט. ניט נעמען קיין שוחד אַפילו פון אַ ריינעם מענטשן.

איז געקומען ישעיה און האָט די כוונה אויסגעדריקט אין זעקס מצוות (ישעיה, קאַפּיטל ל״ג):

טאָן גערעכטיגקייט. רעדן אמת. פאַר׳מיאוס׳ן רויב-געלט. ניט נעמען קיין שוחד. ניט באַטייליקן זיך קיינמאָל אין בלוט-פאַרגיסונג. ניט קוקן אויף קיין אומרעכטס!

איז געקומען מיכה און האָט דאָס אויסגעדריקט אין דריי מצוות (מיכה, קאַפּיטל ו׳):

טאָן גערעכטיגקייט. ליב האָבן גענאָד. (חסד, פייוואָר, בענע־וואָלענס, מוירסי). גיין מיט באַשיידנקייט פאַר גאָט (צניעות, מאָ־דעסטי).

איז געקומען עמוס און האָט דאָס אויסגעדריקט אין צוויי מצוות (עמוס, קאַפּיטל ה׳):

זוכן גאָט (דערוויימערן זיך פון אָפּגעטער). זען אַז אַלע זאָלן קאָנען לעבן.

איז געקומען חבקוק און האָט דאָס אויסגעדריקט אין איין מצוה (חבקוק, קאַפּיטל ל״ב):

דער צדיק לעבט מיט זיין גלויבן (אמונה)!

——::——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**יפת תואר** (שיין אין געשטאַלט):
אַ שיינע.

**בן סורר ומורה** (אַ זון אַן אָפּקערער און אַ ווידערשפּעניקער):
אַ זון וואָס פאָלגט ניט קיין עלטערן און גייט אין שלעכטע וועגן.

**זולל וסובא** (אַ פרעסער און אַ זויפער):
מ׳זאָגט אויך: ״אַ זולל-וסובא׳ניק״.

**למען ישמעו וייראו** (כדי מענטשן זאָלן הערן און מוראַ האָבן).

**ואל כליך לא תתן** (און אין דיין כלי זאָלסטו ניט אַריינלעגן).

**עיף ויגע** (מיד און פאַרמאַטערט).

——— : : ———

סדרה

# כי תבוא

(אז דו וועסט קומען)

## דין וועגן ביכורים

(ערשטצייטיקע פרוכטן)

און עס וועט זיין, אַז דו וועסט קומען אין דעם לאַנד, וואָס דיין גאָט גיט דיר פאַר אַ נחלה, און וועסט עס ירש'ענען און וועסט זיך באַזעצן אין דעם, זאָלסטו נעמען פון איטלאַכער ערשטצייטיקער פרוכט פון דער ערד, וואָס דו וועסט אַריינגעמען פון דיין לאַנד, און דו זאָלסט אַריינלעגן אין אַ קאָרב (בעסקעט), און זאָלסט גיין צו דעם אָרט, וואָס דיין גאָט וועט אויסדערוויילן צו מאַכן רוען זיין נאָמען דאָרטן.

(לויט די חכמים זאָגן, האָט מען ניט באַדאַרפט ברייגגען קיין ביכורים פון אַלע פרוכטן, נאָר בלויז פון די זיבן סאָרטן, מיט וועלכע ארץ ישראל איז געלויבט געוואָרן: ווייץ, גערשטן, וויינשטאָקן, פייגן, מילגרוימען, איילבירטן און האָניק. (זע פ' עקב: שבחים פון ארץ ישראל) דער יום־טוב, ווען מע פלעגט ברענגען די ערשטציי־טיקע פרוכטן, חג הביכורים, הייסט אויך חג השבועות).

און זאָלסט קומען צום כהן, וואָס וועט זיין אין יענע טעג, און זאָלסט זאָגן צו אים: "איך זאָג היינט פאַר דיין גאָט, אַז איך בין געקומען צום לאַנד, וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו אונזערע עלטערן צו געבן אונז!"

און דער כהן זאָל נעמען דעם קאָרב פון דיין האַנט, און ער זאָל

אים אװעקלעגן פאַרן מזבח פון דײַן גאָט. און דו זאָלסט אויסרופן און זאָגן פאַר דײַן גאָט:

— אַ װאָגלענדיקער אַרמי איז געװען מײַן פאָטער, און ער האָט געניִדערט קײן מצרים און האָט דאָרטן געװאױנט מיט װײניק מענטשן, און ער איז דאָרטן געװאָרן אַ גרױס פאָלק, שטאַרק און פֿיל. און די מצרים האָבן אונז שלעכטס געטאָן און האָבן אונז געפּײניקט, און זײ האָבן אַרױפגעלײגט אויף אונז שװערע אַרבעט. דאָן האָבן מיר געשריִען צו גאָט, דעם גאָט פון אונזערע עלטערן, און גאָט האָט צוגעהערט אונזער קול און ער האָט געזען אונזער פּײן און אונזער מאַטערניש און אונזער געדריקטקײט. און גאָט האָט אונז אַרױס־געצױגן פון מצרים מיט אַ שטאַרקער האַנט, און מיט אַן אױסגע־שטרעקטן אָרעם, און מיט גרױס מוראָ, און מיט צײכנס און װאונדער. און ער האָט אונז געבראַכט צו דעמדאָזיקן אָרט, און האָט אונז געגעבן דאָסדאָזיקע לאַנד, אַ לאַנד װאָס פליסט מיט מילך און האָניק. און אָט איצט האָב איך געבראַכט די ערשטצײטיקע פּרוכטן פון דער ערד, װאָס דו, גאָט, האָסט אונז געגעבן!

און דו זאָלסט עס אַװעקלעגן פאַר דײַן גאָט, און זאָלסט זיך בוקן פאַר אים. און דו זאָלסט זיך פרײען מיט אַלעם גוטן, װאָס דײַן גאָט האָט דיר און דײַן הױזגעזינט געגעבן, — דו און דער לוי און דער פרעמדער, װאָס צװישן דיר.

(די ביכורים האָבן געהערט צום כהן. אָבער דער װאָס פלעגט ברײנגען די ביכורים פלעגט אויך שעכטן אַ קרבן־שלמים און מאַכן דערפון אַ סעודה פאַר אײגענע און פרעמדע).

* * * *

## דין װעגן "מעשר עני"

אַז דו װעסט ענדיקן צו אָפּטײלן דעם גאַנצן מעשר פון דײַן תבואה אין דעם דריטן יאָר, דעם יאָר פון מעשר, זאָלסטו עס געבן

צום לוי, צום גר, צום יתום און צו דער אַלמנה, און זיי זאָלן עס עסן אין דיינע וואוינערטער און זיי זאָלן זיין זאט. (דעם מעשר פון דריטן יאָר האָט מען ניט געבראַכט קיין ירושלים, ווי אין די ערשטע צוויי יאָר, נאָר מע האָט אים צעטיילט צו אָרימע אויפן אָרט, און דערום האָט מען אים גערופן "מעשר עני". זע: פ' ראה, "תרומה און מעשר").

און דו זאָלסט זאָגן פאַר דיין גאָט:

— איך האָב אויסגעראַמט דאָס הייליקע (מעשר) פון הויז און האָב עס אויך אַוועקגעגעבן צום לוי, צום גר, צום יתום און צו דער אלמנה, אַזוי ווי דיין גאַנצע מצוה, וואָס דו האָסט מיר באַפוילן, איך בין ניט אַוועקגעגאַנגען פון דיינע געבאָט (ניט עובר געווען בכוונה) און האָב ניט פאַרגעסן. איך האָב ניט געגעסן דערפון אין מיין אבלות, און איך האָב דערפון ניט אַרויסגעטראָגן ווען איך בין געווען אומריין, און איך האָב ניט געגעבן דערפון פאַר אַ סעודה נאָך אַ מת, — איך האָב געפאָלגט מיין גאָט און האָב געטאָן אַזוי ווי דו האָסט מיר באַפוילן. (מעשר מוז געגעסן ווערן נאָר ווען מע איז ריין, און נאָר ווען מע איז פריילאַך) — קוק פון דיין הייליק וואוינונג, פון הימל, און בענטש דיין פאָלק ישראל און די ערד וואָס דו האָסט אונז געגעבן, אַזוי ווי דו האָסט געשוואָרן צו אונזערע עלטערן, אַ לאַנד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק!

* * * *

## גאָט'ס בונד מיט ישראל

היינטיקן טאָג באַפעלט דיר דיין גאָט צו טאָן דידאָזיקע געזעצן און דינים, און דו זאָלסט זיי אָפּהיטן צו טאָן מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער זעל!

דו האָסט היינט אויסדערוויילט גאָט צו זיין דיר פאַר אַ גאָט און צו גייען אין זיינע וועגן און צו היטן זיינע געזעצן און זיינע געבאָט און זיינע משפטים און צו פאָלגן אים!

און גאָט האָט דיך היינט אויסדערוויילט צו זיין אים פאַר אַ געליבט פאָלק, אַזוי ווי ער האָט דיר צוגעזאָגט, און צו שטעלן דיך העכער איבער אַלע פעלקער וואָס ער האָט באַשאַפן, פאַר אַ לויב, און פאַר אַ נאָמען, און פאַר אַ שיינקייט, און כדי דו זאָלסט זיין אַ הייליק פאָלק צו דיין גאָט, אַזוי ווי ער האָט גערעדט.

* * * *

## געבאָט אויפצושרייבן די תורה

און משה און די זקנים פון ישראל האָבן באַפוילן דעם פאָלק, אַזוי צו זאָגן:

— היט אָפּ אַלע געבאָט, וואָס איך זאָג אייך אָן היינט! און עס וועט זיין, אין דעם טאָג וואָס איר וועט אַריבערגיין דעם ירדן צום לאַנד, וואָס דיין גאָט גיט דיר, זאָלסטו דיר אויפשטעלן גרויסע שטיי־נער, און זאָלסט זיי אָפּקאַלכן מיט קאַלך, און זאָלסט אויפשרייבן אויף זיי אַלע ווערטער פון דערדאָזיקער תורה! און דידאָזיקע שטיי־נער, וואָס איך זאָג אייך אָן, זאָלט איר אויפשטעלן אויף דעם באַרג עיבל. און זאָלסט דאָרטן בויען אַ מזבח צו דיין גאָט, אַ מזבח פון שטיינער, — זאָלסט ניט אויפהייבן אויף זיי קיין אייזן. פון גאַנצע שטיינער זאָלסטו בויען דעם מזבח פאַר דיין גאָט, און זאָלסט אויפ־ברייינגען אויף אים פייער אָפּפער צו דיין גאָט, און זאָלסט שעכטן פרידענאָפּפער (שלמים) און עסן דאָרטן, און זאָלסט זיך פרייען פאַר דיין גאָט. און אויף די שטיינער זאָלסטו אויפשרייבן די ווערטער פון דערדאָזיקער תורה זייער קלאָר!

און משה און די כהנים פון שבט לוי האָבן גערעדט צו גאַנץ ישראל, אַזוי צו זאָגן:

— זאָל זיין שטיל, און הער, ישראל! היינטיקן טאָג ביזטו גע־וואָרן אַ פאָלק צו דיין גאָט! און דו זאָלסט פאָלגן דיין גאָט, און זאָלסט טאָן זיינע געבאָט און זיינע געזעצן, וואָס איך באַפעל דיר!

* * * *

## די שבטים ביים בענטשן און שילטן

און משה האָט באַפוילן דעם פאָלק אין יענעם טאָג, אַזוי צו זאָגן:

דידאָזיקע זאָלן שטייען אויפן באַרג גריזים צו בענטשן דאָס פאָלק (די לויים זיינען געווען די בענטשערס און די שילטערס, נאָר ווען זיי האָבן געבענטשט האָבן זיי זיך געשטעלט מיט די פנים׳ער צום באַרג גריזים, און ווען זיי האָבן געשאָלטן האָבן זיי זיך געשטעלט מיט די פנים׳ער צום באַרג עיבל), ווען איר וועט אַריבערגיין דעם ירדן: שמעון, לוי, יהודה, יששכר, יוסף (אפרים און מנשה) און בנימין.

און דידאָזיקע זאָלן שטייען אויפן באַרג עיבל פאַר דער קללה: ראובן, גד, אָשר, זבולון, דן און נפתלי.

און די לויים זאָלן אויסרופן און זאָגן צו אַלע מענטשן פון ישראל אויף אַ הויך קול (לויט די חכמים, האָבן די לויים פריער געזאָגט אַ ברכה און ערשט נאָכדעם אַ קללה):

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער מאַן, וואָס וועט מאַכן אַן אויסגע־האַקט אָדער געגאָסן בילד, אַן אומווערדיגקייט צו גאָט, דאָס ווערק פון אַ מייסטערס האַנט, און לעגן אין פאַרבאָרגעניש.

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל אויסרופן און זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס פאַרשעמט זיין פאָטער און מו־טער!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס פאַררוקט דעם גרעניץ פון זיין פריינט!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס פאַרפירט אַ בלינדן אין וועג!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס פאַרדרייט דעם משפט פון אַ גר, אַ יתום און אַן אַלמנה!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס האָט חתונה מיט זיין פאָטער׳ס ווייב!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס ליגט מיט אַ בהמה!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס האָט חתונה מיט זיין שוועסטער, זיין פאָטער׳ס טאָכטער, אָדער זיין מוטער׳ס טאָכטער!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס האָט חתונה מיט זיין שוויגער!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס שלאָגט עמיצן אין פאַרבאָרגע־ניש!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס נעמט שוחד (כאַבאַר, גרעפט) צו דערשלאָגן אַ נפש, אומשולדיק בלוט!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

פאַרשאָלטן זאָל זיין דער, וואָס וועט ניט מקיים זיין די ווערטער פון דערדאָזיקער תורה צו טאָן זיי!

און דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זאָגן: אָמן!

* * * *

# לוין און שטראָף
(שכר ועונש)

---

א

## די ברכות אַלס לוין

און עס וועט זיין, אַז דו וועסט פאָלגן דיין גאָט אָפּצוהיטן און טאָן אַלע זיינע געבאָט, וואָס איך באַפעל דיר היינט, וועט דיך דיין גאָט שטעלן העכער איבער אַלע פעלקער פון דער ערד, און דידאָזיקע אַלע ברכות וועלן קומען אויף דיר, און דיך גרייכן:

געבענטשט וועסטו זיין אין שטאָט, און געבענטשט וועסטו זיין אין פעלד.

געבענטשט וועט זיין די פרוכט פון דיין בויך (דיינע קינדער), און די פרוכט פון דיין ערד, און די פרוכט פון דיין בהמה, דאָס געבורט פון דיינע רינדער און דאָס פרוכפערונג פון דיינע שאָף.

געבענטשט וועט זיין דיין פרוכט-קאָרב און דיין טייג-מולטער.

געבענטשט וועסטו זיין ביי דיין אַריינקומען פון וועג, און געבענטשט וועסטו זיין ביי דיין אַרויסגיין אין וועג.

גאָט וועט געבן דיינע פיינט, וואָס שטייען אויף אַקעגן דיר, געשלאָגענע פאַר דיר. אויף איין וועג וועלן זיי אַרויסגיין אַקעגן דיר מלחמה האַלטן, און אויף זיבן וועגן וועלן זיי אַנטלויפן פאַר דיר.

גאָט וועט באַפעלן דער ברכה צו זיין מיט דיר אין דיינע שפּייכלערס, און אין אַלץ וואָס דיין האַנט טוט, און ער וועט דיך בענטשן אין דעם לאַנד וואָס דיין גאָט גיט דיר.

גאָט וועט דיך אויפשטעלן צו זיך פאַר אַ הייליק פאָלק, אַזוי ווי ער האָט דיר געשוואָרן, — אויב דו וועסט אָפּהיטן די געבאָט פון דיין גאָט, און דו וועסט גיין אין זיינע וועגן.

און אַלע פעלקער פון דער ערד וועלן זען, אַז גאָט'ס נאָמען ווערט

גערופן אויף דיר („גאָט'ס פאָלק"), און זיי וועלן מורא האָבן פאַר דיר.

און גאָט וועט דיר געבן אַ שפע פון גוטס אין דער פרוכט פון דיין בויך, און אין דער פרוכט פון דיין בהמה, און אין דער פרוכט פון דיין ערד, אויף דער ערד וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן צו געבן דיר.

גאָט וועט פאַר דיר עפענען זיין גוטן אוצר, דעם הימל, צו געבן דעם רעגן פון דיין לאַנד אין זיין צייט, און צו בענטשן איטלאַכס טואונג פון דיין האַנט. און דו וועסט אַנטלייען צו פיל פעלקער און דו וועסט פון קיינעם ניט לייען.

און גאָט וועט דיך מאַכן פאַר דעם קאָפּ און ניט פאַר דעם עק, און דו וועסט נאָר זיין פון אויבן און ניט פון אונטן, — אויב דו וועסט פאָלגן די געבאָט פון דיין גאָט, וואָס איך באַפעל דיר היינט אָפּצוהיטן און צו טאָן, און דו וועסט ניט אָפּקערן פון די אַלע ווער־טער, וואָס איך זאָג אייך אָן, רעכטס אָדער לינקס, כדי צו גיין נאָך פרעמדע געטער צו דינען זיי!

* * * *

## ב

# די קללות אַלס שטראָף
(די תוכחה)

און עס וועט זיין, אַז דו וועסט ניט פאָלגן דיין גאָט אָפּצוהיטן און טאָן אַלע זיינע געבאָט און זיינע געזעצן, וואָס איך באַפעל דיר היינט, וועלן קומען אויף דיר דידאָזיקע אַלע קללות, און וועלן דיך דערגרייכן:

פאַרשאָלטן וועסטו זיין אין שטאָט, און פאַרשאָלטן וועסטו זיין אין פעלד.

פאַרשאָלטן וועט זיין דיין פרוכט־קאָרב און דיין טייג־מולטער.

פאַרשאָלטן וועט זיין די פרוכט פון דיין בויך (דיינע קינדער),

און די פרוכט פון דיין ערד, דאָס געבורט פון דיינע רינדער, און דאָס פרוכפערונג פון דיינע שאָף.

פאַרשאָלטן וועסטו זיין ביים אַריינקומען פון וועג, און פאַר־שאָלטן וועסטו זיין ביים אַרויסגיין אין וועג.

גאָט וועט אויף דיר אָנשיקן אַ קללה, אַ מהומה (אַ בהלה, צו־טומלעניש פון שרעק), און אַ פאַרשרייעניש אין יעדן אונטערנעמונג פון דיין האַנט, וואָס דו וועסט טאָן, ביז דו וועסט פאַרטיליקט ווערן, און ביז דו וועסט גיך פאַרלוירן גיין פאַר דיינע שלעכטע מעשים, וואָס דו האָסט מיך פאַרלאָזט.

גאָט וועט באַהעפטן אָן דיר די פעסט, ביז ער וועט דיך פאַר־לענדן פון דער ערד, וואָס דו קומסט אַהין צו ירש'ענען זי.

גאָט וועט דיך שלאָגן מיט דער קרענק פון מאָגערקייט (דער, קאָנסאָמפּשאָן), און מיט קדחת, און מיט היץ, און מיט ברענונג, און מיט טריקעניש אין גוף, און מיט טריקעניש אין תבואה, און מיט בראַנד אין תבואה, און מיט וועלקעניש אין תבואה; און זיי, די קללות, וועלן דיך נאָכיאָגן ביז דו וועסט פאַרלוירן גיין.

און דיינע הימלען, וואָס איבער דיין קאָפּ, וועלן זיין אַזוי ווי קופער (אָן רעגן), און די ערד, וואָס אונטער דיר, וועט זיין אַזוי ווי אייזן (אָן פרוכט).

גאָט וועט מאַכן דעם רעגן פון דיין לאַנד שטויב און ערד; פון הימל וועט ער נידערן אויף דיר, ביז ער וועט דיך פאַרטיליקן.

גאָט וועט דיך געבן אַ געשלאָגענעם פאַר דיינע פיינט. אויף איין וועג וועסטו אַרויסגיין אַקעגן אים מלחמה האַלטן, און אויף זיבן וועגן וועסטו אַנטלויפן פאַר אים, און דו וועסט זיין צו אַ שוידער פאַר אַלע קיניגרייכן פון דער ערד.

און דיין טויטער קערפער וועט זיין אַ שפּייז פאַר יעדן פויגל פון הימל און פאַר יעדער חיה פון דער ערד, און קיינער וועט זיי ניט אָוועקטרייבן.

גאָט וועט דיך שלאָגן מיטן אויסשלאָג פון מצרים (שחין), און

מיט בלאָטערן, און מיט קרעץ, און מיט טרוקענע בייסעניש, אַז דו וועסט ניט קאָנען געהיילט ווערן.

גאָט וועט דיך שלאָגן מיט משוגעת, און מיט בלינדקייט, און מיט צוטומלעניש פון האַרצן (צודולטקייט).

און דו וועסט טאַפּן אינמיטן טאָג, אַזוי ווי אַ בלינדער טאַפּט אין דער פינצטער, און וועסט ניט באַגליקן אין דיינע וועגן, און וועסט זיין נאָר באַרויבט און באַ'גזל'ט אַלע טעג, און קיינער וועט ניט העלפן.

אַ ווייב וועסטו פאַר'קנס'ן, און אַן'אַנדערער וועט מיט איר חתונה האָבן. אַ הויז וועסטו בויען, און דו וועסט אין דעם ניט וואוינען. אַ וויינגאָרטן וועסטו פלאַנצן, און דו וועסט ניט אָנהויבן עסן זיינע פרוכט.

דיין אָקס וועט געקוילעט ווערן פאַר דיינע אויגן, און דו וועסט פון אים ניט עסן. דיין אייזל וועט געראויבט ווערן פון דיר, און וועט דיר ניט אומגעקערט ווערן. דיינע שאָף וועלן אַוועקגעגעבן ווערן צו דיינע פיינט, און דו וועסט ניט האָבן ווער עס זאָל דיר העלפן.

דיינע זין און דיינע טעכטער וועלן אַוועקגעגעבן ווערן צו אַן'-אַנדער פאָלק, און דיינע אויגן וועלן זען און וועלן אויסגיין פון בענק-שאַפט נאָך זיי אַ גאַנצן טאָג, און עס וועט ניט זיין קיין מאַכט אין דיין האַנט צו טאָן עפּיס.

די פרוכט פון דיין ערד און דיין גאַנצע מי וועט אויפעסן אַ פאָלק, וואָס דו קענסט ניט, און דו וועסט זיין נאָר באַרויבט און גע-דריקט אַלע טעג. און דו וועסט משוגע ווערן פון אַלץ, וואָס דיינע אויגן וועלן צוזען.

גאָט וועט דיך שלאָגן מיט אַ בייזן אויסשלאָג אויף די קני און אויף די שענקלען; פון דיין פוסטריט ביז דיין שפּיץ קאָפּ, אַז דו וועסט ניט קאָנען געהיילט ווערן.

גאָט וועט אַוועקפירן דיך, און דיין מלך וואָס דו וועסט אויפ-שטעלן איבער דיר, צו אַ פאָלק וואָס דו און דיינע עלטערן קענען ניט,

און וועסט דאָרטן דינען פרעמדע געטער פון האָלץ און שטיין.

און דו וועסט זיין פאַר אַ דערציטערניש, פאַר אַ ביישפּיל, און פאַר אַ שפּאָט צווישן אַלע פעלקער וואָס גאָט וועט דיך אַהין אוועק־פירן.

אַסך זריעה וועסטו אַרויסבריינגען אין פעלד אַריין צו פאַרזייען, און ווינציק פּרוכט וועסטו דערפון איינזאַמלען, וואָרים דער היי־שעריק וועט עס פאַרלענדן.

וויינגערטנער וועסטו פלאַנצן און באַאַרבעטן, און קיין וויין וועסטו ניט טרינקען, און ניט איינזאַמלען די ווייַנטרויבן אַפילו, וואָ־רים דער וואָרעם וועט זיי אויפעסן. איילבירטבוימער וועסטו האָבן אין דיין גאַנצן גרעניץ, און מיט קיין בוימל וועסטו זיך ניט זאַלבן, וואָרים דיינע איילבירטן וועלן אַראָפּפאַלן.

זין און טעכטער וועסטו געבוירן, און זיי וועלן ניט זיין ביי דיר, וואָרים זיי וועלן אוועקגיין אין געפענקעניש.

אַלע דיינע בוימער און די פּרוכט פון דיין ערד וועט ירש׳ענען די גריל (דער קריקעט).

דער גר, וואָס צווישן דיר, וועט שטייגן העכער און העכער, און דו וועסט נידערן אַראָפּ און אַראָפּ. ער וועט דיר אַנטלייען, און דו וועסט ניט האָבן אים צו אַנטלייען. ער וועט זיין דער קאָפּ, און דו וועסט זיין דער עק.

און עס וועלן קומען אויף דיר דידאָזיקע אַלע קללות און זיי וועלן דיר נאָכיאָגן און וועלן דיך דערגרייכן, ביז דו וועסט פאַרטי־ליקט ווערן, דערפאַר וואָס דו האָסט ניט געפאָלגט דיין גאָט אָפּצו־היטן זיינע געבאָט און זיינע געזעצן, וואָס ער האָט דיר באַפוילן.

און זיי וועלן זיין פאַר אַ צייכן און פאַר אַ וואונדער אויף דיר און אויף דיינע קינדער ביז אייביק!

* * * *

## שטראָף פאַרן גאַנצן פאָלק

דערפאַר וואָס דו האָסט ניט געדינט דיין גאָט מיט שמחה און מיט אַ פריילאַך האַרץ ווען דו האָסט געהאַט אַסך פון אַלצדינג, וועסטו דינען דיין פיינט, וואָס גאָט וועט אים אָנשיקן אויף דיר, אין הונגער און אין דורשטיגקייט, און אין נאַקעטקייט, און אין מאַנגעל פון אַלצ־דינג, — און ער וועט אַרויפלעגן אַן אייזערנעם יאָך אויף דיין האַלז, ביז ער וועט דיך פאַרטיליקן.

גאָט וועט אָנטראָגן אויף דיר אַ פאָלק פון ווייטן, פון עק וועלט, אַזוי ווי עס קומט אַן אָדלער צו שוועבן, אַ פאָלק וואָס דו וועסט זיין לשון ניט פאַרשטיין, אַ פאָלק אַן עזות־פנים, וואָס וועט ניט שוינען קיין עלטערע, און קיין יונגע וועט ער ניט לייטזעליקן.

און דאָס פאָלק וועט אויפעסן די פרוכט פון דיין בהמה, און די פרוכט פון דיין ערד, ביז דו וועסט פאַרטיליקט ווערן. עס וועט דיר ניט איבערלאָזן קיין תבואה, קיין וויין און קיין אייל, קיין געבורט פון דיינע רינדער און קיין פרוכפערונג פון דיינע שאָף, ביז עס וועט דיך אומברייינגען.

און דאָס פאָלק וועט דיך באַלאַגערן אין אַלע דיינע טויערן, ביז דיינע הויכע און פעסטע מויערן, וואָס דו פאַרזיכערסט זיך אויף זיי אין דיין גאַנצן לאַנד, וועלן איינפאַלן.

און דאָס פאָלק וועט דיך באַלאַגערן אין אַלע דיינע טויערן אין דיין גאַנצן לאַנד, וואָס דיין גאָט האָט דיר געגעבן, און דו וועסט עסן די פרוכט פון דיין בויך, דאָס פלייש פון דיינע זין און טעכטער, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן, אין באַלאַגערונג און אין דריקונג, וואָס דיין פיינט וועט דיך דריקן.

דער איידעלער מענטש און דער זייער געצערטעלטער צווישן דיר וועט ניט פאַרגינען זיין אייגענעם ברודער, און זיין אייגענעם ווייב, און זיינע איבעריקע קינדער, וואָס ער וועט איבערלאָזן לעבע־דיק (נאָך ניט געקוילעט צום עסן), צו געבן אַפילו צו איינעם פון זיי

אַ שטיקל פלייש פון זיינע קינדער, וואָס ער וועט עסן... וואָרים עס וועט אים קיין אַנדער שפּייז ניט בלייבן אין דעם באַלאַגערונג און אין דעם דריקונג, וואָס דיין פיינט וועט דיך דריקן אין אַלע דיינע טויערן.

די איידעלע פרוי און די געצערטעלסטע צווישן דיר, וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געפּרואווט שטעלן איר פוסטריט אויף דער הוילער ערד, פון גרויס געצערטלטקייט און געאיידלטקייט, וועט ניט פאַרגינען איר אייגענעם מאַן, און איר אייגענעם זון, און איר אייגענער טאָכטער, און אירע נייגעבוירענע קינדער, צו געבן פאַרזוכן פונם פלייש פון אירע קינדער, (וואָס זי האָט שוין געקוילעט צום עסן). נאָר זי וועט זיי אויפעסן אין פאַרבאָרגעניש, ווייל זי וועט ניט האָבן קיין אַנדער שפּייז אין דעם באַלאַגערונג און אין דעם דריקונג, וואָס דיין פיינט וועט דיך דריקן אין דיינע טויערן!

* * * *

## די שטראָף פון גלות

אויב דו וועסט ניט אָפּהיטן און טאָן די אַלע ווערטער פון דער־דאָזיקער תורה, וואָס זיינען געשריבען אין דעמדאָזיקן ספר, צו מורא האָבן פאַר דעמדאָזיקן געאַכפּערטן און פאָרכטיקן נאָמען, פאַר דיין גאָט, וועט גאָט מאַכן דיינע מכות און די מכות פון דיינע קינדער נאָכמער וואונדערלאַך, גרויסע און אָנגעהאַלטענע פּלאָגן, און בייזע און אָנגעהאַלטענע קרענק.

און ער וועט ווידער ברייגען אויף דיר אַלע וויטאָקן פון מצרים, וואָס דו האָסט זיך פאַר זיי געשראָקן, און זיי וועלן זיך באַהעפטן אָן דיר.

אויך יעדע קרענק און יעדע פּלאָג, וואָס איז ניט געשריבן אין דעם ספר פון דערדאָזיקער תורה, וועט זיי גאָט אַרויפברייגען אויף דיר, ביז דו וועסט פאַרטיליקט ווערן.

און איר וועט איבערבלייבן מיט ווינציק מענטשן, אַנשטאָט וואָס איר זיינט געווען אַזויפיל ווי די שטערן אין הימל, דערפאַר וואָס דו האָסט ניט געפאָלגט דיין גאָט.

און עס וועט זיין, אַזוי ווי גאָט האָט זיך געפרייט איבער אייך צו גוטס טאָן און צו מערן אייך, אַזוי וועט ער זיך איצט פרייען איבער אייך צו אומברענגען און צו פאַרטיליקן אייך, און איר וועט אויסגעריסן ווערן פון דער ערד, וואָס איר קומט אַהין צו ירש׳ענען זי.

און גאָט וועט דיך צעשפּרייטן צווישן אַלע פעלקער פון עק וועלט ביז עק וועלט, און דו וועסט דינען דאָרטן פרעמדע געטער, וואָס דו און דיינע עלטערן קענען זיי ניט, געטער פון האָלץ און שטיין.

און צווישן יענע פעלקער וועסטו ניט קאָנען רוען, און דיין פוסטריט וועט דאָרטן קיין מנוחה ניט האָבן. און גאָט וועט דיר דאָרטן געבן אַ דערצערנט האַרץ, און אויסגייעניש פון די אויגן, און ווייטיקונג פון דער זעל. און דיין לעבן וועט דיר הענגען אַנטקעגן (תמיד אין סכנה), און דו וועסט זיך שרעקן טאָג און נאַכט, און קיינ־מאָל ניט זיין זיכער מיט דיין לעבן.

אין פרימאָרגן וועסטו זאָגן: הלואי וואָלט שוין געוואָרן אָוונט! און אין אָוונט וועסטו זאָגן: הלואי וואָלט שוין געוואָרן פרימאָרגן! — אַלץ פון פּחד פון דיין האַרץ, וואָס דו וועסט זיך שרעקן, און פון שרעקליכע זעאונגען פון דיינע אויגן וואָס דו וועסט זען.

און גאָט וועט דיך אומקערן אויף שיפן קיין מצרים, אין דעם וועג וואָס איך האָב דיר געזאָגט, אַז דו וועסט אים מער ניט זען. און איר וועט זיך אַליין אָנבאָטן צו פאַרקויפן זיך פאַר קנעכט און פאַר דינסטן צו אייערע פיינט, און קיינער וועט אייך ניט וועלן קויפן.

אָט דאָס זיינען די ווערטער פונם בונד, וואָס גאָט האָט באַפוילן משה׳ן צו שליסן מיט די אידן אין לאַנד מואָב, אַחוץ דעם בונד וואָס ער האָט געשלאָסן מיט זיי אין חורב.

* * * *

# משה פאַרענדיקט זיין אָנזאָג

און משה האָט צונויפגערופן אַלע אידן, און האָט צו זיי גע־זאָגט:

— איר האָט געזען אַליץ וואָס גאָט האָט געטאָן פאַר אייערע אויגן אין לאַנד מצרים צו פּרעה'ן און צו אַלע זיינע קנעכט, און צו זיין גאַנץ לאַנד, — די גרויסע פּרואוון וואָס דיינע אויגן האָבן געזען, יענע גרויסע צייכנס און וואונדער.

אָבער גאָט האָט אייך ניט געגעבן קיין האַרץ צו פאַרשטיין און קיין אויגן צו זען און קיין אויערן צו הערן ביז היינטיקן טאָג.

און איך האָב אייך געפירט פערציק יאָר אין דעם מדבר, — אייערע קליידער זיינען אויף אייך ניט פאַרפוילט געוואָרן, און אייערע שיך אויף אייערע פיס זיינען ניט אָפּגעטראָגן געוואָרן. קיין ברויט האָט איר ניט געגעסן, און קיין וויין און געטראַנק האָט איר ניט געטרונקען, — כדי איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אייער גאָט.

און אַז איר זיינט געקומען צו דעמדאָזיקן אָרט, איז אַרויסגע־גאַנגען סיחון מלך חשבון און עוג מלך הבשן אַקעגן אונז מלחמה צו האַלטן, — האָבן מיר זיי צעשלאָגן און צוגענומען זייער לאַנד און מיר האָבן עס געגעבן פאַר אַ נחלה צו די שבטים ראובן, גד און אַ האַלבן שבט פון מנשה.

און דערום זאָלט איר אָפּהיטן די ווערטער פון דעמדאָזיקן בונד (ברית), און איר זאָלט זיי טאָן, כדי איר זאָלט באַגליקן אין אַלצ־דינג, וואָס איר וועט טאָן!

———:·:———

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## וואָס משה האָט געזען בנבואה
### דאָס ערשטע בילד

פּאַרטאָג. פון צווישן די הויכע, ריזיגע מיט שניי־באַדעקטע ארץ ישראל בערג, האָט זיך די זון אַ פרישע, אויסגעוואַשענע, מאַיעס־טעטיש אַרויסגעשפּאַצירט אויף דער וועלט.

דער הימל, אַ לויטערער און טיף־בלאָער, באַשפּרינקלט ערטער־ווייז מיט גרינגע־ווייסע פוכיגע וואָלקענדלאַך, איז אין מזרח־זייט פאַרזוימט געוואָרן מיט אַ רויטן פּאַס, ווי מיט אַ פּורפּור שליאַרע (פלאונס).

אַ גרינג מילד ווינטל האָט זיך געטראָגן אין דער לופט און גע־בראַכט מיט זיך מחיה׳דיק־שמעקענדיגע ריחות פון די גאָט־גע־בענטשטע פעלדער, וועלדער און בערג, פון גערטנער און בשמים בוימער, פון לבנון און פון כרמל.

משה האָט דערפילט די ריחות. אַ פרישקייט האָט דורכגענומען אַלע זיינע גלידער. עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. זיין האַרץ האָט געצאַפּלט פאַר פרייד.

משה איז אַרויפגעגאַנגען אויפן שפּיץ פון באַרג פסגה. און ווען ער האָט דערזען דאָס גאַנצע לאַנד כנען ליגן פאַר אים, האָט ער אויסגערופן מיט באַגייסטערונג:

— גאָט! ווי וואונדערליך־שען דאָס לאַנד איז!

די לויטערע ארץ ישראל זון האָט אויפגעשיינט מיט איר גאַנצער

פראַכט. די פויגלען האָבן זי מקבל־פּנים געווען מיט געזאַנג און פרייד. די גראָזן אויף באַרג און טאָל, וואָס זיינען געווען באַדעקט מיט טוי, האָבן פריידיק געגלאַנצט אַקעגן דער זון ווי מיליאָנען דימענטן און בריליאַנטן פון אַלערליי קאָלירן.

צעוואָרפענע דערפלאַך, איינגעטונקענע אין בליענדיקע גערטנער, זען זיך פון וויטן פאַרשפּרייטע אין די ברייטע פעלדער און אויף די רוקנס פון די בערג.

קרישטאָל־ריינע טייכעלאַך זילבערן זיך אין די טאָלן, און די זון־שטראַלן טובל'ען זיך אין זיי און באַשיטן זיי מיט גינגאָלד־שטויב.

אויף די גרין־באַדעקטע בערג ליגן אויסגעלייגט טשערעדעס פון ריינע, אויסגעוואַשענע שעפעלאַך, דרעמלענדיגע אונטער די זיסע טענער פון די פּאַסטוך־פייפעלאַך, וועלכע שפּילן אויס זייער פרימאָרגן־ליוב צום באַשעפער, און דאָס געזאַנג צעגיסט זיך מיט אַ וואונדערליך־זיסקייט אין וועלט־חלל.

די זון שטייגט העכער־העכער און פאַרשפּרייט איר ממשלה אויף דער גאַנצער ערד. די וועלט האָט אויפגעוואַכט. פרישע, געזונטע, פריילאַכע מענטשן איילן זיך און טראָגן אַרוים זינגענדיק בינטלאַך און פעק פון זייערע געצעלטן און שטעלן אַלץ אוים אין אַ שורה, גרייט מיטצונעמען אין וועג אַריין:

אַ יום־טוב צו דער נאַטור!

אַ יום־טוב צו גאָט!

אַ יום־טוב צום פאָלק אויף זיין געבענטשטער ערד!

און אָט ציען זיך מחנות־מחנות, יונג און אַלט, מאַן און פרוי, פון אַלע עקן לאַנד. אַלע טראָגן אין די הענט און אויף די אַקסלען שיינע קערב פול מיט די בעסטע ערשטצייטיקע פרוכטן. אַן אָקס מיט באַגילדעטע הערנער און מיט אַ קרוין פון איילבירט־בלעטער אויף זיין קאָפּ גייט פאַראויס. קאַפּעליעס מיט כלי־זמר גייען נאָך אים און זיי זינגען און שפּילן:

— קיין ציון גייען מיר! מיט פרייד אונזערע ביכורים טראָגן מיר!

— ציון, ציון, די שטאָט פון אונזער גאָט! — כאַפּן אַלע אונטער מיט אַ פריילאַך געזאַנג, און אַלע קולות גיסן זיך צונויף אין אַ געטליכער סימפאָניע.

און אָט זעט זיך פון ווייטנס גאָט׳ס הויז, דער בית-המקדש. זיל-בער און גאָלד און מאַרמאָרשטיין שיינט פון אַלע ווינקלען. איין-איינציק איז דאָס הויז פון גאָט מיט זיין פּראַכט און הייליגקייט. איין-איינציק, —ניטאָ נאָך אַזוינס אין דער גאַנצער וועלט.

און אָט קומען אַרויס אַקעגן די אָנקומענדיקע געסט אַלע ציון׳ס זין און טעכטער, טאַנצענדיקע און שיינענדיקע,און באַגריסן זיי מיט פריילִיכע הערצער:

— שלום! שלום צו אייך, ברידער און שוועסטער פון נאָענט און פון ווייט!

— געבענטשט זאָלט איר זיין מיט אייער קומען קיין ירושלים!

— מיט פרייד און דאַנק לאָמיר אַרויפגיין אויפן באַרג פון ציון!

אַ הויכער מאַן, אָנגעטאָן אין ווייס-זיידענע קליידער, דער כהן גדול, קומט אַרויס פון גאָט׳ס הויז. נאָך אים גייען הונדערטער לוויים. נאָך זיי גייען די זיבעציק זקנים.

און אָט איז די פּראָצעסיע שוין לעבן בית-המקדש. דער כהן גדול בלייבט שטייען, קערט זיין פנים אויס צום פאָלק און בענטשט:

— גאָט, שיק דיין ברכה צום פאָלק, וואָס קומט דיר דאַנקען! דערלענגער זייער לעבן אויף דער ערד פונם פאַרשפּראָכענעם לאַנד און באַשיץ זיי פון אַלדאָס בייז! זאָל נאָר גוטס רוען אין זייערע געצעלטן אויף אייביק!

און אַלע פאַרזאַמלטע ענטפערן אין איין קול:

— אָ-מ-ן!!!

משה קוקט, קוקט זיך איין אין דידאָזיקע נשמה-פאַרכאַפּענדיקע בילדער. אויף זיין פנים איז אַ פרייד צעגאָסן. פון זיינע אויגן רינען

טרערן. זיינע הענט ווערן צום הימל אויפגעהויבן. און זיינע ליפּן שעפּטשען שטילערהייד אַ לויב צו גאָט:

— געלויבט ביזטו, האַר פון דער וועלט, וואָס דו האָסט מיין פאָלק אַזוינס געגעבן!...

* * * *

2.

## דאָס צווייטע בילד

און... אָט איז דאָס גאַנצע גליק פאַרשוואונדן!

שווערע פינסטערע וואָלקנס באַדעקן דעם הימל. קיין איין שטראַל ליכטיגקייט זעט זיך ניט פון ערגיץ. אַ שטאַרקער שטורעם־ווינט ברעכט אויס, אַ ווינט וואָס רייסט אויס בערג און ברעכט אויס פעלזן, אַ ווינט וואָס צעברעכט די טענענבוימער פון לבנון און מאַכט פונם בליענדיקן גן־עדן אַ וויסטן מדבר.

אַ שלאַגס־רעגן און אַ שווערער האָגל פאַלט מיט אכזריות און פאַרניכטעט אַלצדינג ביזן וואָרצל.

און אָט בלייבט שטיל דער שטורעם, און אַ ווילדער געברום פון חיילות צעטראָגט זיך איבערן לאַנד.

אַ שטאַרק פאָלק קומט אָן מיט מחנות רייטענדיקע גבורים, באַוואָפנטע מיט שווערדן, שפּיזן און בויגנס, און זיי פאַלן אָן אויף ירושלים, ווי בייזע, ווילדע חיות אָן רחמנות.

פאַרגיפטעטע פיילן פליען, צוויי־שאַרפיגע שווערדן שוועבן, און בחורים און בתולות, אַלטע לייט און זויגענדיקע קינדער פאַלן טויטע אין די גאַסן. בערג מיט קערפּערס וואַקסן אין יעדן ווינקעל. דער טויט קאָסעט און צעלייגט זיין שניט איבער גאַנץ ירושלים.

אַ פייער כאַפּט אַרום גאָט'ס שטאָט. גאָט'ס הויז איז אַרומגע־וויקלט אין פלאַמען. געשריי און געטומל פאַרטויבט די אויערן. געוויין און קלאָג פון די באַפאַלענע. געשאַל און געזאַנג פון די באַ־

פאַלער. געלאַף. מהומה. צוטומלעניש. גאָט׳ס צאָרן ברענט און פאַרוויסט אַלץ ביז׳ן סוף...

און אָט ציען זיך מחנות־ווייז געפאַנגענע, יונג און אַלט, מאַן און פרוי, אין קייטן געשמידטע, נאַקעטע און באָרוועסע, פאַרבלוטיקטע און פאַרוואונדעטע, וואָס ווערן געטריבן אָן רחמנות און געשלאָגן מיט דערנער אויף זייערע צעיאַטרעטע לייבער (פּאָס)...

אין פרעמדע ווייטע לענדער טרייבט מען זיי. פאַר קנעכט צו פאַרקויפן פירט מען זיי. פאַר ווילדע חיות צו שפּייזן נעמט מען זיי.

משה ווערט דערציטערט פון דעמדאָזיקן בילד. ער רייסט זיינע האָר פון קאָפּ, ער צעפליקט זיינע קליידער פון צער און שרייט צו גאָט:

— גאָט, פאַרוואָס אַזאַ צאָרן אויף דיין פאָלק, פאַרוואָס?

און אַ קול פון הימל ענטפערט אים:

— די טייערע שטאָט איז געוואָרן אַ זונה, אַן אָפּקערערן פון גוטן וועג! אויף קיין יתום און אַלמנה האָט זי זיך ניט דערבאַרעמט! קיין אָרימע ניט געשטיצט און קיין שוואַכע ניט געהאָלפן! קיין הונגעריקע ניט אָנגעזעט און קיין נאַקעטע ניט באַקליידט! ווי סדום און עמורה האָט זי זיך אָן משפּט און אָן גערעכטיגקייט געפירט!...

האָט משה ווידער געשריען:

— און וואָס וועט דער סוף אירער זיין?...

און די הימלישע שטים האָט געענטפערט:

— די צרות וועלן אָפּמעקן אירע זינד. געלייטערט וועלן אירע קינדער ווערן. און ציון וועט אויסגעלייזט ווערן מיט משפּט, און אירע קינדער וועלן זיך צו איר אומקערן מיט גערעכטיגקייט!...

———::———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**מהומה** (בהלה. צוטומלעניש פון שרעק).

**בבקר תאמר מי יתן ערב** (אין פרימארגן וועסטו זאגן, הלואי ס'זאל שוין זיין אוונט).

**בערב תאמר מי יתן בקר** (אין אוונט וועסטו זאגן, הלואי ס'זאל שוין זיין פרי).

**ואין קונה** (און קיינער וועט ניט וועלן קויפן):
"ס'איז אין קונה" — קיינער קויפט ניט.

**לב לדעת** (א הארץ צו וויסן).

**עינים לראות ואזנים לשמוע** (אויגן צו זען און אויערן צו הערן).

**מסיג גבול רעהו** (דער וואס פאררוקט זיין חבר'ס גרעניץ):
אויף דעם, וואס נעמט צו יענעמ'ס פרנסה, זאגט מען: "ער איז א מסיג גבול".

**לפני עור לא תתן מכשול** (פאר א בלינדן זאלסטו קיין שטרויכלונג ניט לייגן):
אנשטאט: אן אומוויסענדען זאלסטו ניט פארפירן.

———:———

סדרה

# נצבים

(איר שטייט)

## דער אייביקער בונד

איר שטייט היינט אַלע פאַר אייער גאָט, אייערע הויפּטלייט, אייערע שבטים, אייערע עלטסטע און אייערע אויפזעערס, אַלע מע־נער פון ישראל, אייערע קליינע קינדער, אייערע ווייבער און אייערע פרעמדע וואָס אין אייערע מחנות, פונם האָלצהעקער ביזן וואַסער־שעפּער, — איר זאָלט אַריינטרעטן אין דעם בונד פון אייער גאָט און אין זיין שבועה, וואָס ער שליסט מיט אייך היינט.

כדי ער זאָל דיך, ישראל, אויפשטעלן היינט פאַר אַ פאָלק צו אים, און ער זאָל דיר זיין פאַר אַ גאָט, אַזוי ווי ער האָט צו דיר גערעדט, און אַזוי ווי ער האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, צו אברהם׳ן, צו יצחק׳ן און צו יעקב׳ן.

און ניט מיט אייך אַליין שלים איך דעמדאָזיקן בונד און די־דאָזיקע שבועה, נאָר סיי מיט דעם וואָס שטייט דאָ מיט אונז היינט פאַר אונזער גאָט, און סיי מיט דעם וואָס איז ניטאָ מיט אונז היינט.

* * * *

## משה וואָרנט ווידער

וואָרים איר ווייסט ווי מיר זיינען געזעסן אין לאַנד מצרים, און ווי מיר זיינען דורכגעגאַנגען צווישן די פעלקער. און איר האָט גע־

זען זייערע אומווערדיגקייטן און זייערע אָפּגעטער פוג האָלץ און פון שטיין, פון זילבער און פון גאָלד, וואָס זיי האָבן.

טאָמער איז דאָ צווישן אייך אַ מאַן, אָדער אַ פרוי, אָדער אַ משפחה, אָדער אַ שבט, וואָס זיין הארץ קערט זיך היינט אָפּ פון אונזער גאָט צו גייען דינען די אָפּגעטער פון יענע פעלקער; טאָמער איז דאָ צווישן אייך אַ שורש (וואָרצל), וואָס פרוכפּערט גיפטיק־גראָז און ביטער־גראָז (ד. ה. וואָס איז פאַרזונקען אין געצנדינסט), און עס וועט זיין, אַז ער וועט הערן די ווערטער פון דערדאָזיקער שבועה, וועט ער זיך באַרימען אין זיין האַרצן, אַזוי צו זאָגן: "שלום וועט זיין צו מיר, כאָטש איך וועל גיין נאָך די נייגונגען פון מיין הארצן; (אָדער ער וועט טאָן אומיסטן), כדי צו פאַרטיליקן דאָס זאַטע לאַנד אינאיינעם מיטן דאָרשטיקן לאַנד (ד. ה. אַז ס'וועט קומען אַ שטראָף אויפן לאַנד, וועלן געשטראָפט ווערן אַלע גלייך, סיי די צדיקים און סיי די רשעים!)" —

וועט אים גאָט ניט וועלן פאַרגעבן. נאָר דער צאָרן פון גאָט און זיין פאַרדראָס וועט דאַמאָלט ברענען בלויז אויף יענעם מענטשן, און נאָר אויף אים וועט הויערן (ליגן) די גאַנצע קללה, וואָס איז פאַר־שריבן אין דעמדאָזיקן ספר. און גאָט וועט אויסמעקן זיין נאָמען פון אונטערן הימל!

(און אויב אַ גאַנצער שבט וועט זינדיקן) — וועט אים גאָט אָפּשיידן צום שלעכטן פון אַלע שבטים פון ישראל, אַזוי ווי אַלע קללות פונם בונד, וואָס איז פאַרשריבן אין דעמדאָזיקן ספר־תורה.

(און אויב דאָס גאַנצע פאָלק וועט זינדיקן, וועט דאַמאָלט דאָס גאַנצע לאַנד געשטראָפט ווערן) — און דער שפּעטערדיקער דור, אייערע קינדער וואָס וועלן אויפשטיין נאָך אייך, און דער פרעמדער וואָס וועט קומען פון אַ ווייטן לאַנד, און זיי וועלן זען די מכות (פּלאָגן) פון דעמדאָזיקן לאַנד, און די קרענק מיט וועלכע גאָט האָט עס קראַנק געמאַכט; אַז שוועבל און זאַלץ, פאַרברענט איז די גאַנצע ערד, זי ווערט ניט פאַרזייט און שפּראָצט ניט אַרויס גאָרניט, און זי ברענגט אַפילו קיין שום גראָז ניט אַרויס, אַזוי ווי דאָס איבערקערע־

ניש פון סדום און עמורה, אדמה און צבויים, וואָס גאָט האָט זיי מיט זיין כעס און צאָרן איבערגעקערט, — וועלן דאַמאָלט זאָגן אַלע פעלקער: פאַרוואָס האָט גאָט אַזוי געטאָן צו דעמדאָזיקן לאַנד? פאַרוואָס איז דערדאָזיקער גרויסער גרימצאָרן?

וועט מען זאָגן: דאָס איז דערפאַר וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט דעם בונד פונם גאָט פון זייערע עלטערן, וואָס ער האָט מיט זיי געשלאָסן, ווען ער האָט זיי אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, און זיי זיינען געגאַנגען און האָבן געדינט פרעמדע געטער, און האָבן זיך געבוקט צו זיי, געטער וואָס זיי האָבן זיי ניט געקענט, און וואָס גאָט האָט זיי ניט איינגעטיילט צום דינען, — און גאָט'ס צאָרן האָט גע־ברענט אויף יענעם לאַנד, צו ברענגען אויף דעם די גאַנצע קללה, וואָס איז פאַרשריבן אין דעמדאָזיקן ספר. און גאָט האָט זיי אַרויס־געריסן פון זייער ערד מיט צאָרן, גרוים כעס, און ער האָט זיי פאַר־וואָרפן אין אַן אַנדער לאַנד אַזוי ווי היינטיקן טאָג!

די פאַרבאָרגענע געשעעענישן (וואָס קאָנען טרעפן אין דער צו־קונפט) זיינען פאַר אונזער גאָט; אָבער די אַנטפּלעקטע געשעעענישן (וואָס זיינען געשען אין דער פאַרגאַנגענער צייט) זיינען פאַר אונז און אונזערע קינדער אויף אייביק, און מיר דאַרפן זיי געדענקן, כדי צו טאָן אַזוי ווי די אַלע רייד פון דערדאָזיקער תורה!

* * * *

## דער וועג פון תשובה

און עס וועט זיין, אַז עס וועלן קומען אויף דיר דידאָזיקע אַלע זאַכן, די ברכה און די קללה, וואָס איך האָב געגעבן פאַר דיר, און דו וועסט דיר נעמען צום האַרצן, צווישן אַלע פעלקער וואוהין דיין גאָט האָט דיך פאַרשטויסן.

און דו וועסט זיך אומקערן צו דיין גאָט (תשובה טאָן), און דו וועסט אים פאָלגן, אַזוי ווי אַלץ וואָס איך באַפעל דיר היינט, דו און

דיינע קינדער, מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצן זעל.

ווערט דיין גאָט אומקערן דיין געפאַנגענשאַפט, און ער וועט זיך אויף דיר דערבאַרעמען, און ער וועט דיך צוריק איינזאַמלען פון אַלע פעלקער, וואוהין גאָט האָט דיך צעשפּרייט. אַפילו ווען דיינע פאַר־שטויסענע וועלן זיין אין עק הימל, וועט דיך דיין גאָט איינזאַמלען אויך פון דאָרטן, און וועט דיך נעמען.

און דיין גאָט וועט דיך ברענגען אין לאַנד, וואָס דיינע עלטערן האָבן גע׳ירש׳ענט, און דו וועסט עס ירש׳ענען, און ער וועט דיך באַ־גליקן און וועט דיך מערן פיל מער פון דיינע עלטערן.

און דיין גאָט וועט פאַרשניידן (דאָס פאַרשטאָפּונג) פון דיין האַרצן און פון דיינע קינדער׳ס האַרצן, כדי זאָלסט קאָנען ליב האָבן דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער זעל, פון דיין אייגן לעבן וועגן.

און דיין גאָט וועט געבן די דאָזיקע אַלע קללות אויף דיינע פיינט און אויף דיינע שונאים, וואָס האָבן דיך געיאָגט.

און דיין גאָט וועט דיר געבן אַסך שפע אין יעדן טועכץ פון דיין האַנט, אין פרוכט פון דיין בויך (קינדער), אין פרוכט פון דיין בהמה, און אין פרוכט פון דיין ערד. וואָרים גאָט וועט זיך ווידער פרייען מיט דיר צום גוטן, אַזוי ווי ער האָט זיך געפרייט מיט דיינע עלטערן, — אַז דו וועסט פאָלגן דיין גאָט אָפּצוהיטן זיינע געבאָט און זיינע געזעצן, וואָס זיינען פאַרשריבן אין דעם דאָזיקן ספר־תורה; אַז דו וועסט זיך אומקערן צו דיין גאָט מיט דיין גאַנצן האַרצן און מיט דיין גאַנצער זעל.

* * * *

## דער וועג פון לעבן

וואָרים דאָס דאָזיקע געבאָט, וואָס איך זאָג דיר היינט אָן, איז ניט פאַרהוילן פון דיר (ניט שווער פאַר דיין פאַרשטאַנד), און ניט צו ווייט (זאָלסט עס ניט קאָנען דערגרייכן), — ניט אויפן הימל איז

עס, אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט פון אונזער וועגן אַרויפגיין אויפן הימל און עס נעמען פאַר אונז און ער זאָל עס אונז געבן צו פאַרשטיין, כדי מיר זאָלן עס טאָן! און ניט פון יענער זייט ים איז עס, אַז דו זאָלסט זאָגן: ווער וועט פון אונזער וועגן אַריבערגיין אויף יענער זייט ים און עס נעמען פאַר אונז און ער זאָל עס אונז געבן צו פאַר־שטיין, כדי מיר זאָלן עס טאָן!

נאָר זייער נאָענט איז דאָס וואָרט צו דיר, עס איז אין דיין אייגן מויל און אין דיין אייגן האַרצן צו טאָן!

זע, איך האָב דיר היינט פאָרגעלייגט דאָס לעבן און דאָס גוטס, און דעם טויט און דאָס שלעכטס:

(אויב דו וועסט טאָן) וואָס איך זאָג דיר היינט אָן צו ליב האָבן דיין גאָט, צו גיין אין זיינע וועגן און אָפּצוהיטן זיינע געבאָט און זיינע געזעצן און זיינע דינים, — וועסטו לעבן און זיך מערן, און דיין גאָט וועט דיך בענטשן אין דעם לאַנד, וואָס דו קומסט אַהין צו ירש'ענען עס!

אויב, אָבער, דיין האַרץ וועט זיך אָפּקערן און דו וועסט ניט פאָלגן, און וועסט זיך אָפּשטויסן פון אים און דו וועסט זיך בוקן צו פרעמדע געטער, און וועסט זיי דינען, — זאָג איך אייך היינט אָן, אַז איר וועט פאַרלוירן גיין, איר וועט ניט מאריך־ימים זיין אויף דער ערד, וואָס איר גייט איבער דעם ירדן, כדי צו קומען אַהין צו ירש'ענען זי!

איך מאַך היינט עדות פאַר אייך דעם הימל און די ערד:

לעבן און טויט האָב איך פאַר אייך היינט פאָרגעלייגט, אַ ברכה און אַ קללה, — דערום זאָלסטו בעסער אויסוויילן דאָס לעבן, כדי דו און דיינע קינדער זאָלן לעבן!

ליב צו האָבן דיין גאָט, צו פאָלגן אים, און צו באַהעפטן זיך אָן אים, וואָרים ער איז דיין לעבן און דיין אריכת־ימים צו זיצן אויף דער ערד, וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו דיינע עלטערן, צו אברהם'ן, צו יצחק'ן און צו יעקב'ן, צו געבן פאַר זיי!

———:—————

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## אַלע מענטשן גלייך

"איר שטייט אַלע היינט דאָ פאַר אייער גאָט — אייערע הויפּט־לייט, אייערע שבטים, אייערע עלטסטע און אייערע אויפזעער, אַלע מענער פון ישראל!"

דערפון לערנען אָפּ אונזערע חכמים אַזוי:

משה האָט צונויפגענומען אַלע אידן אינאיינעם און האָט זיי געזאָגט, אַז ניט קוקנדיק דערויף, וואָס עס זיינען פאַראַן הויפּטלייט, עלטסטע און אויפזעער, — אָבער **אַלע מענטשן זיינען גלייך** ביי גאָט, און קיינער טאָר איבערן אַנדערן ניט געוועלטיקן!...

אַנדערע חכמים זאָגן:

משה האָט אויך געוואָלט אָנזאָגן, אַז יעדער איד איז פאַראַנט־וואָרטליך (ריספּאָנסיבל) פאַר אַלע אידן, און אַלע אידן זיינען פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר יעדן אידן (כל ישראל ערבים זה בזה)!...

* * * *

2.

## צוויי וועגן

צוויי וועגן זיינען פאַראַן פאַרן מענטשן, איינער — פון גוטס און פון לעבן, און איינער — פון שלעכטס און פון טויט.

דער גוטער וועג האָט צוויי טויערן: "צדקה" (גערעכטיגקייט) און "חסד" (גענאַד). און ווער ס'וויל גיין אויפן גוטן וועג, קומט אליהו הנביא און באַלייט אים און פירט אים דורך ביידע טויערן...

דער שלעכטער וועג האָט פיר טויערן, און ביי יעדן טויער זיצן זיבן שומרים-מלאָכים, פיר שומרים אינדרויסן און דריי אינעווייניק. די פיר דרויסנדיקע מלאָכים זיינען פול מיט רחמנות, און די דריי אינעווייניקסטע זיינען פול מיט אכזריות.

און ווער ס'וויל גיין אין שלעכטן וועג, און ער קומט צו צום ערשטן טויער, הויבן אָן די גוטע מלאָכים צו טענה'ן מיט אים:

— צו וואָס טויג דיר צו קריכן אין פייער אַריין? וועסט אומקומען! פאָלג אונז און טו בעסער גוטס, וועסטו לעבן!...

אויב ער פאָלגט, איז גוט. און אויב ניט, נעמען אים די שלעכטע מלאָכים און פירן אים צום צווייטן טויער.

ביים צווייטן טויער הויבן אָן ווידער די גוטע מלאָכים צו טענה'ן מיט אים:

—בעסער גיי ניט ווייטער! דערווייטער זיך ניט פון גאָט'ס לערע! קער זיך אום און טו גוטס פאַר גאָט און פאַר לייט, וועסטו לעבן!...

אויב ער פאָלגט, איז גוט. און אויב ניט נעמען אים די שלעכטע מלאָכים און פירן אים צום דריטן טויער.

ביים דריטן טויער הויבן אָן ווידער די גוטע מלאָכים צו טענה'ן מיט אים:

— היט זיך! ברענג ניט אום דיין לעבן מיט דיינע אייגענע הענט! קער זיך אום פון שלעכטן וועג און האָב ליב גאָט און מענטשן!...

אויב ער פאָלגט,איז גוט. און אויב ניט, נעמען אים די שלעכטע מלאָכים און פירן אים צום פירטן טויער.

ביים לעצטן טויער הויבן אָן די גוטע מלאָכים צו בעטן אים:

— האָב רחמנות אויף זיך אַליין! דער וועג פון תשובה איז נאָך פאַר דיר אָפן! דער גרעסטער זינדיקער קאָן ווערן ערליך! גאָט האָט ליב די וואָס קערן זיך אום צו אים מיטן גאַנצן האַרצן, און ער איז זיי אַלץ מוחל! קער זיך אום, און מיר וועלן דיך באַגלייטן צוריק!...

אויב ער פאָלגט, פירן אים די גוטע מלאָכים מיט געזאַנג צום לעבן. און אויב ניט, פירן אים די שלעכטע מלאָכים מיט געזאַנג צום טויט.

און דערום, זאָגט גאָט, האָב איך פאַרזאָגט אין מיין תורה:

— ובחרת בחיים! קלייב בעסער אויס דעם וועג פון לעבן!...

* * * *

3.

## תורה און מלאָכה

רב יוסף האָט געלערנט די טייטש פון די ווערטער "והודעת להם את הדרך", דו זאָלסט זיי מאַכן וויסן דעם וועג, אַז דאָס מיינט: אויסצולערנען יעדן אַ מלאָכה, כדי צו דערנערן זיך פון איר!

און אויך אויף די ווערטער "ובחרת בחיים", דו זאָלסט אויס־ווײלן דאָס לעבן, האָבן די חכמים געזאָגט, אַז דאָס מיינט: זאָלסט לערנען אַ מלאָכה!

יעדער מענטש דאַרף לערנען די תורה, אָבער ער מוז אויך לער־נען עפּיס אַן אַרבייט צו פאַרדינען ערליך אויף זיין לעבן:

אזוי האָבן די חכמים געזאָגט:

"תורה שאין עמה מלאָכה, סופה בטלה וגוררת עוון", ד. ה. תורה אָן אַ מלאָכה האָט ניט קיין קיום און זי ברענגט צו זינד.

* * * *

4.

## גאָט׳ס בונד מיט אַלע דורות

"ניט נאָר מיט אייך אַליין שליס איך דעמדאָזיקן בונד, נאָר סיי מיט דעם, וואָס שטייט היינט דאָ מיט אונז, פאַר אונזער גאָט, און סיי מיט דעם, וואָס שטייט היינט מיט אונז ניט!"

האָט רבי אבהו געזאָגט:

— אַלע נשמות פון די קומענדע דורות, ביז׳ן סוף פון אַלע דורות (עד סוף כל הדורות) זיינען איינגעזאַמלט געווען ביים באַרג סיני, ווען גאָט האָט געגעבן די תורה. און אין יענעם מאָמענט האָט דאָס קול פון גאָט צו זיי אַלע גערעדט, און זיי אָנגעזאָגט, אַז ס׳וועט קומען די צייט און זיי וועלן אָנגעקליידט ווערן אין אַ קערפּער (גוף) און זיי וועלן אַראָפּקומען צו לעבן אויף דער וועלט אַלס מענטשן, מוזן זיי זיך פירן לויטן בונד פון גאָט, אַנדערש וועלן זיי קיין קיום ניט האָבן, — און אַלע האָבן די שבועה אָנגענומען!

———::———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**הנסתרות לד' אלהינו** (די פאַרבאָרגענע זאַכן זיינען פאַר אונזער גאָט).

**הנגלות לנו ולבנינו** (די אַנטפּלעקטע זאַכן זיינען פאַר אונז און אונזערע קינדער).

**לא בשמים היא** (ניט אויפן הימל איז זי די תורה)

**ולא מעבר לים** (און ניט פון יענער זייט ים איז די תורה).

**בפיך ובלבבך לעשותו** (עס איז אין דיין מויל און אין דיין האַרצן צו טאָן עס).

**ובחרת בחיים** (און דו זאָלסט אויסוויילן אין לעבן).

——:·:——

סדרה

# וילך

(און ער איז געגאַנגען)

## משה דערמוטיקט דאָס פאָלק

און משה איז געגאַנגען און האָט גערעדט דידאָזיקע ווערטער צו כל ישראל (אַלע אידן), און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— הונדערט־און־צוואַנציק יאָר בין איך היינט אַלט. איך קאָן שוין מער ניט אַרויסגיין און אַריינגיין צו פירן מלחמות פאַר אייך; און גאָט האָט מיר געזאָגט: "דו וועסט ניט אַריבערגיין דעמדאָזיקן ירדן!", — (אָבער דו דאַרפסט ניט מורא האָבן, ישראל!) דיין גאָט, ער גייט אַריבער פאָראויס דיר, ישראל! ער וועט פאַרטיליקן די־דאָזיקע פעלקער פון פאַר דיר, און דו וועסט זיי ירש'ענען! יהושע, ער גייט אַריבער פאָראויס דיר, אַזוי ווי גאָט האָט גערעדט!

און גאָט וועט טאָן צו דידאָזיקע פעלקער, אַזוי ווי ער האָט גע־טאָן צו סיחון און צו עוג, די מלכים פון אמורי, און צו זייער לאַנד, וואָס ער האָט זיי פאַרטיליקט. און גאָט וועט זיי איבערגעבן צו אייך, און איר וועט טאָן צו זיי, אַזוי ווי דאָס גאַנצע געבאָט, וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט.

זייט שטאַרק און פעסט. איר זאָלט ניט מורא האָבן און זאָלט זיך ניט שרעקן פאַר זיי. וואָרים דיין גאָט, ער איז דער וואָס גייט מיט דיר. ער וועט דיך ניט אָפּלאָזן און וועט דיך ניט פאַרלאָזן!

* * * *

## משה דערמוטיקט יהושע'ן

און משה האָט גערופן יהושע'ן און ער האָט צו אים געזאָגט פאַר די אויגן פון גאַנץ ישראל (כל ישראל):

— זיי שטאַרק און פעסט! וואָרים דו וועסט אַריינקומען מיט דעמדאָזיקן פאָלק אין לאַנד וואָס גאָט האָט געשוואָרן צו זייערע על־טערן זיי צו געבן, און דו וועסט עס זיי מאַכן ירש'ענען!

און גאָט, ער איז דער, וואָס גייט פאָראויס דיר, ער וועט זיין מיט דיר, ער וועט דיך ניט אָפּלאָזן און וועט דיך ניט פאַרלאָזן!

זאָלסט ניט מורא האָבן און זאָלסט זיך ניט שרעקן!

* * * *

## משה שרייבט אויף די תורה

און משה האָט אויפגעשריבן דידאָזיקע תורה, און ער האָט זי געגעבן צו די כהנים פון שבט לוי, וואָס טראָגן דעם אָרון פון גאָט'ס בונד, און צו אַלע עלטסטע פון ישראל.

און משה האָט זיי באַפוילן, אַזוי צו זאָגן:

— צום סוף פון אַלע זיבן יאָר, אין דער צייט פונם שמיטה־יאָר (זע, פ' ראה, דין וועגן שמיטה), אין דעם יום־טוב פון סוכות, ווען גאַנץ ישראל קומט זיך ווייזן פאַר דיין גאָט, אין דעם אָרט וואָס ער וועט אויסדערוויילן, זאָלסטו לייענען דידאָזיקע תורה פאַר גאַנץ ישראל אין זייערע אויערן!

זאַמל איין דאָס פאָלק, די מענער און די ווייבער און די קליינע קינדער, און דעם גר וואָס וואוינט צווישן דיר, כדי זיי זאָלן הערן און כדי זיי זאָלן לערנען און זאָלן מורא האָבן פאַר דיין גאָט, און זיי זאָלן היטן צו טאָן אַלע געבאָטן פון דערדאָזיקער תורה.

און זייערע קינדער, וואָס האָבן ניט געוואוסט פון די אַלע גע־

שעענישן, זאָלן הערן און לערנען צו מורא האָבן פאַר אייער גאָט אַלע טעג, וואָס איר לעבט אויף דער ערד, וואוהין איר גייט אַריבער דעם ירדן צו ירש'ענען זי.

* * * *

## די שירה "האזינו" אַלס עדות

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זע, דיינע טעג דערנענטערן זיך צום שטאַרבן, רוף יהושע'ן און שטעלט זיך ביידע אַוועק אין אוהל-מועד, און איך וועל אים באַפעלן וואָס צו טאָן!

איז משה געגאַנגען, און יהושע מיט אים, און זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין אוהל-מועד.

האָט זיך גאָט באַוויזן אין געצעלט, אין אַ וואָלקן-זייל, און דער וואָלקן-זייל איז געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג פונם געצעלט.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן:

— זע, דו גייסט שטאַרבן (דו לייגסט זיך מיט דיינע עלטערן), און דאָסדאָזיקע פאָלק וועט אויפשטיין און וועט זיך אָפּקערן נאָך די געטער פונם פרעמדן פאָלק וואָס אין לאַנד, וואוהין עס קומט איצט, און דאָס פאָלק וועט מיך פאַרלאָזן און וועט פאַרשטערן מיין בונד, וואָס איך האָב מיט אים געשלאָסן. און מיין צאָרן וועט ברענען אויף אים אין יענעם טאָג, און איך וועל זיי פאַרלאָזן, און וועל פאַרבאָרגן מיין פנים פון זיי, און דאָס פאָלק וועט בלייבן צום פאַרצערן, און עס וועלן קומען אויף אים אַסך שלעכטס און צרות.

און דאָס פאָלק וועט זאָגן אין יענעם טאָג: דאָס איז דערפאַר וואָס מיין גאָט איז צווישן מיר ניטאָ האָבן מיך געטראָפן אָט די-דאָזיקע צרות!

און איך וועל האַלטן פאַרבאָרגן מיין פנים אין יענעם טאָג (און וועל זיי נאָך אַלץ ניט העלפן), פאַרן גאַנצן שלעכטס, וואָס עס האָט

געטאָן און זיך געקערט צו פרעמדע געטער!

און איצט, משה און יהושע, שרייבט אייך אויף דידאָזיקע שירה (געזאַנג), און דו, משה, לערן זי איין מיט די קינדער פון ישראל, און לייג זי אַריין אין זייער מויל, כדי דידאָזיקע שירה זאָל מיר זיין פאַר אַן עדות קעגן די קינדער פון ישראל!

אַז איך וועל ברייַנגען דאָס פאָלק צו דער ערד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו זיינע עלטערן, די ערד וואָס פליסט מיט מילך און האָניק, און עס וועט עסן און זיך אָנזעטן, און פעט ווערן, און וועט זיך קערן צו פרעמדע געטער און וועט זיי דינען, און וועט מיך פאַראַכטן און פאַרשטערן מיין בונד, און עס וועט זיין, אַז עס וועלן דעם פאָלק טרעפן אַסך שלעכטס און צרות, — זאָל דידאָזיקע שירה זיך אָפּרופן פאַר אים פאַר אַן עדות, וואָרים זי וועט ניט פאַרגעסן ווערן פונם מויל פון זיינע קינדער!

וואָרים איך ווייס די טבע פונם פאָלק, און איך זע וואָס עס טוט היינט, נאָך איידער איך ברייִנג עס אין לאַנד וואָס איך האָב געשוואָרן!

און משה האָט אויפגעשריבן דידאָזיקע שירה אין יענעם טאָג, און ער האָט זי איינגעלערנט מיט די בני־ישראל.

* * * *

## משה׳ס לעצטע וואָרנונג

און משה האָט באַפוילן יהושע בן־נון, און האָט געזאָגט (אין גאָט׳ס נאָמען):

— זיי שטאַרק און פעסט! וואָרים דו וועסט אַריינברייִנגען די בני־ישראל אין לאַנד, וואָס איך האָב זיי צוגעשוואָרן, און איך וועל זיין מיט דיר!

און עס איז געווען, אַז משה האָט געענדיקט שרייבן די ווער־טער פון דערדאָזיקער תורה אין אַ ספר ביזן סוף, האָט ער באַפוילן

די לויים, וואָס טראָגן דעם אָרון פון גאָט׳ס בונד, אַזוי צו זאָגן:

— נעמט דאָסדאָזיקע ספר־תורה און לייגט עס אַריין ביי דער זייט פונם אָרון פון אייער גאָט׳ס בונד, און זאָל עס זיין דאָרטן פאַר אַן עדות קעגן דיר!

וואָרים איך וויים דיין ווידערשפּעניגקייט און דיין עקשנות! זע, אַז היינט ווען איך לעב נאָך מיט אייך, זיינט איר געווען ווידער־שפּעניקער אַקעגן גאָט, און בפרט נאָך מיין טויט!

זאַמלט איין צו מיר אַלע עלטסטע פון אייערע שבטים, און אייערע אויפזעער, און איך וועל רעדן אין זייערע אויערן די דאָזיקע ווערטער, און איך וועל מאַכן דעם הימל און די ערד פאַר עדות קעגן זיי.

וואָרים איך וויים, אַז נאָך מיין טויט וועט איר פאַרדאָרבן ווערן, און איר וועט אָפּקערן פונם וועג, וואָס איך האָב אייך באַפוילן, און עס וועט אייך טרעפן שלעכטס אין די קומענדיקע טעג, דערפאַר וואָס איר וועט טאָן דאָס וואָס איז שלעכט אין גאָט׳ס אויגן, צו דער־צערענען אים מיט אייערע מעשים!

און משה האָט גערעדט אין די אויערן פון דעם גאַנצן איינ־זאַמלונג פון ישראל די ווערטער פון דערדאָזיקער שירה ביז זייער סוף.

——::——

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## קינדער-דערציהונג

אַמאָל זיינען רב יוחנן בן-ברוקאָ און רב אלעזר בן-חסמאָ געגאַנגען אין אַ יום-טוב צו זייער רבי'ן רב יהושע אין פקיעין גוט יום-טוב בּיטן.

ביים אַריינקומען האָט זיי דער רבי געפרעגט:

— וואָס פאַר אַ נייעס האָט מען היינט געלערנט אין בית-מדרש?

האָבן זיי אים געענטפערט:

— רבי, מיר זיינען דיינע תלמידים און מיר טרינקען דיין וואַסער, מיר לערנען תורה פון דיין מויל, און ניט מיר קומען דיך לערנען תורה!

האָט ער זיי געזאָגט:

— פונדעסטוועגן איז דאָך ניט מעגליך אַ טאָג זאָל אַוועק אין בית-מדרש אָן עפּיס אַ נייעס אויפטו אין תורה?... וועמעס וואָך פון דרש'ענען איז עס געווען?

— די וואָך פון רבי אלעזר בן-עזריה!

— וועגן וואָס האָט ער היינט גערעדט?

— וועגן פּסוק פון דער תורה, וואָס דערציילט, אַז משה האָט געזאָגט: "זאַמל איין דאָס פאָלק, די מענער און די ווייבער און די קליינע קינדער!"

— וואָס זשע האָט ער וועגן דעם גע'דרש'ענט?

— רבי אלעזר בן-עזריה האָט געזאָגט אַזוי: די מענער האָט משה באַדאַרפט צו איינלערנען מיט זיי די תורה; די ווייבער האָט משה געוואָלט זיי זאָלן הערן די ווערטער פון דער תורה; — אָבער די קליינע קינדער צו וואָס האָט משה באַדאַרפט? ניט זיי קענען לער־נען און ניט אַפילו פאַרשטיין!... נאָר וואָדען, משה האָט געוואָלט, אַז די עלטערן וואָס ברענגען די קינדערלאַך אַהין, זאָלן אויך קריגן שכר פאַר זייער גוטער קינדער-דערציהונג!

האָט רבי יהושע געזאָגט צו זיינע צוויי תלמידים:

— אַזאַ טייערן פערל האָט איר ביי זיך געהאַט, און איר האָט אים מיר ניט געוואָלט ווייזן!... ווען איר זאָלט געווען קומען אין בית-מדרש אַריין נאָר צוליב הערן אָט דידאָזיקע ווערטער אַליין, איז שוין אויך פאַר מיר גענוג!

און אָט אַזאַ גוטער איינפיר איז געווען אין ירושלים אין קינ־דער-דערציהונג:

די עלטערן האָבן ניט איבערגעלאָזט זייערע קליינע קינדערלאַך, אינגעלאַך און מיידעלאַך, אינדערהיים, נאָר זיי פלעגן זיי מיטנעמען מיט זיך אין די שולן, כדי צו דערציען זיי אין אידישקייט!

* * * *

2.

## דאָס פאָלק און דער פירער

משה האָט געזען, אַז זיינע לעצטע טעג דערנענטערן זיך, אָט וועט ער דאַרפען אַוועקגיין פון דער וועלט, האָט ער זיך אַוועקגע־שטעלט פאַר גאָט און האָט אָנגעהויבן צו טענה'ן:

— רבונו של עולם, דו האָסט מיך געמאַכט פאַר דיין שליח, אַז איך זאָל אַרויסנעמען דיין פאָלק פון מצרים, פאַרוואָס זאָלסטו

מיך ניט לאָזן ענדיקן מיין שליחות און אַריינברענגען דאָס פאָלק קיין ארץ־ישראל?

— עס איז געקומען די צייט, און דו מוזט אַוועקגיין פון דער וועלט, משה! — האָט גאָט געענטפערט.

— באַשאַפער פון אַלע וועלטן! וועט מיין סוף אויך זיין, אַזוי ווי דער סוף פון אַלע מענטשן? וועל איך זיך אויך אומקערן צו שטויב? — האָט משה געפרעגט.

— יעדער מענטש איז ניט מער ווי אַ מענטש! — האָט גאָט געענטפערט — זע, אַפילו אָדם הראשון, וועמען איך אַליין האָב באַשאַפן, איז אויך געשטאָרבן!

— קיין וואונדער ניט! — זאָגט משה — אָדם הראשון האָט אַפילו ניטגעקאָנט מקיים זיין די איינציקע גרינגע מצוה וואָס דו האָסט אים געגעבן, און ער האָט אויף איר עובר געווען!

— און אָט איז דאָך אַפילו נח דער צדיק אויך געשטאָרבן!

— נח האָט פאַר זיינע מענטשן פון זיין דור קיין איין מאָל דיך ניט געבעטן. און איך האָב געזאָגט, אַז אויב דו וועסט דעם פאָלק ניט מוחל זיין זיינע זינד, זאָלסטו מיך אויסמעקן פון דיין בוך, "מחני נאָ מספרך"...

— און אָט איז דאָך אויך אברהם געשטאָרבן, הגם ער האָט מיין נאָמען געהייליקט אויף דער וועלט?

— פון אברהמ'ען איז אַרויסגעקומען ישמעאל, אַ פרא־אָדם!

— און יצחק, וואָס האָט געשטרעקט זיין האַלז אויפן מזבח, איז דאָך אויך געשטאָרבן?

— פון יצחק'ן איז אַרויסגעקומען עשו הרשע!

— און יעקב, וואָס האָט געבוירן די צוועלף שבטים, איז דען ניט געשטאָרבן?

— יעקב איז דאָך ניט אַרויף אויפן הימל, און האָט ניט גענומען די תורה, און האָט ניט גערעדט מיט דיר פנים אל פנים, אַזוי ווי איך!

— גענוג, משה! כ׳ווייס וואָס איך טו!

— אָבער מענטשן וועלן דאָך זאָגן, אַז משה איז געוואָרן אַ זינדיקער און דערפאַר האָט אים גאָט געטייט?

— איך האָט שוין געזאָגט: "ולא קם נביא עוד בישראל כמשה", ס׳איז נאָך ניט געווען אַזאַ נביא אין ישראל ווי משה! און אַלע דיינע זינד האָב איך פאַרשריבן אין דער תורה!

— רבונו של עולם! ווען דאָס פאָלק האָט געזינדיקט, און איך האָב פאַר זיי געבעטן, האָסטו זיי מוחל געווען און זיי געלאָזט לעבן; און איצט, אַז איך האָלט אין איין בעטן פאַר זיך אַליין, ווילסטו ניט בייטען דיין גזירה!

— געדענק, משה, דער פירער איז צוליב׳ן פאָלק, און ניט דאָס פאָלק צוליב׳ן פירער! ס׳לעבן פונ׳ם פאָלק איז תמיד וויכטיקער, ווי ס׳לעבן פונם פירער! אַ פירער, אַפילו דער גרעסטער, איז נאָר צייטווייליק, דאָס פאָלק איז אויף אייביק!...

———::———

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש
(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**אנשים ונשים וטף** (מענער און ווייבער און קליינע קינדער).

**לא תירא; אל תירא** (זאלסט ניט מורא האבן).

**רעות רבות וצרות** (אסך שלעכטס און צרות).

**ספר התורה** (דאס ספר-תורה).

**מאה ועשרים שנה** (הונדערט און צוואנציק יאר).

**קהל ישראל** (דאס איינזאמלונג פון ישראל):
מ׳זאגט: "גאנץ קהל".

**חזק ואמץ** (שטארק זיך און פעסטיק זיך).

——— : : ———

סדרה

# האזינו

(פאַרנעמט)

## די שירה

(משה'ס געזאַנג)

פאַרנעמט, איר הימלען, און איך וועל רעדן,
און זאָל די ערד הערן די זאָגעכצן פון מיין מויל!
זאָל טריפן ווי רעגן מיין לערנונג,
זאָל רינען ווי טוי מיין זאָג —
ווי אַ גוס-רעגן אויף גראָז,
און ווי אַ שפּריי-רעגן אויף קרייטאַכץ.
וואָרים דעם נאָמען פונם אייביקן וועל איך רופן,
גיט גרויסקייט צו אונזער גאָט!
דער פעלז, דער שטאַרקער גאָט, מיט גאַנצקייט,
מיט יושר זיינען זיינע מעשים,
ווייל מיט גערעכטיגקייט זיינען
אַלע זיינע וועגן!
אַ גאָט פון אמת, און אָן אומרעכט,
אַ צדיק און אַ רעכטפאַרטיקער איז ער.
אַז ער פאַרדאַרבט צום פאָלק,
איז דערפאַר וואָס זיי זיינען "ניט-זיינע-קינדער", —

דאָס איז זייער אייגענער פעלער;
אַ קרומער און אַ פאַרדרייטער דור!
צי ווילט איר עס אַזוי גאָט באַלוינען,
געמיין און ניט קלוג פאָלק?
איז ער דען ניט דיין פאָטער וואָס האָט דיך באַשאַפן?
ער האָט דיך געמאַכט און באַפעסטיקט אַלס פאָלק!
געדענק די טעג פון פאַרצייטן,
באַטראַכט די יאָרן פון דור־דורות;
פרעג דיין פאָטער און ער וועט דיר דערציילן,
פרעג דיינע זיידעס און זיי וועלן דיר זאָגן:
ווען דער אויבערשטער האָט באַטיילט די אומות מיט נחלות,
ווען ער האָט צעשיידט אַלע מענטשן־קינדער,
האָט ער געשטעלט גרעניצן פאַר אַלע פעלקער,
און אויך פאַר דער צאָל פון ישראל׳ס קינדער.
וואָרים זיין פאָלק איז דער חלק פון גאָט,
יעקב איז דער טייל פון זיין נחלה!
ער האָט אים געפונען אין מדבר־לאַנד,
און אין דער וויסטעניש פון מדבר־געוואָי,
ער האָט אים אַרומגערינגלט, אויף אים אויפגעפאַסט,
אים אָפגעהיט, ווי זיין אויגאַפּל.
ווי אַן אָדלער וועקט זיין נעסט מיט ליבע,
פלאַטערט איבער זיינע יונגע קינדער,
שפּרייט זיינע פליגל און נעמט זיי,
און אויף זיינע פליגל טראָגט ער זיי, —
אַזוי האָט גאָט אַליין אים געפירט,
ניט געווען מיט אים קיין פרעמדער גאָט!

ער האָט אים געמאַכט רייטן
אויף די הייכן פון לאַנד כנען,
און ער האָט דאָרטן געגעסן
די פרוכטן פון פעלד.
און ער האָט אים געמאַכט זויגן
האָניק פון פעלז (וואו ס'וואַקסן טייטלבוימער),
און אייל — פון קיזלשטיין
(וואו ס'וואַקסן איילבירטבוימער).
פוטער פון רינדער, און מילך פון שאָף,
מיט פעטס פון לעמער,
און ווידערס און בעק פון בשן,
מיט פעטן ווייץ, ווי נירנפעטס,
און פון טרויבן-בלוט טרינקסטו שוימיגן וויין!
און ישורון (ישראל) איז פעט געוואָרן —
און ער האָט געבריקעט!
פעט ביזטו, גראָב ביזטו,
מיט שמאַלץ ביזטו פאַרדעקט געוואָרן!
און ער האָט פאַרלאָזט גאָט, וואָס האָט אים באַשאַפן,
און האָט געשענדעט דעם שטאַרקן פון זיין הילף!
זיי האָבן אים דערצערנט מיט פרעמדע געטער,
מיט אומווערדיגקייטן אים בייז געמאַכט;
זיי האָבן געשלאַכט צו שדים, אומגעטער,
אָפּגעטער, וואָס זיי האָבן ניט געקענט,
נייע געטער, ערשט געקומענע,
וואָס אייערע עלטערן האָבן פאַר זיי ניט געפאָרכט.
דעם שטאַרקן, וואָס האָט דיך געבוירן,
האָסטו ניט געדאַכט;

דעם גאָט, וואָס האָט דיך באַשאַפן,
האָסטו פאַרגעסן!
און גאָט האָט געזען, און האָט געצערנט,
פונם כעס, וואָס זיינע זין און טעכטער האָבן דערוועקט:
און ער האָט געזאָגט:
פאַרבאָרגן וועל איך מיין פנים פון זיי,
איך וועל זען וואָס זייער סוף וועט זיין!
וואָרים אַ פאַרקערטער דור זיינען זיי,
קינדער אָן גלויבן אין זיי:
זיי האָבן מיך דערצערנט מיט אַן אומגאָט,
מיך אין כעס געמאַכט מיט זייערע נישטיגקייטן, —
און איך וועל זיי דערצערענען מיט אַן אומפאָלק,
מיט אַ מיאוסער אומה וועל איך זיי אין כעס מאַכן!
וואָרים אַ פייער איז אָנגעצונדן אין מיין צאָרן,
און ברענט ביז דער טיפער אונטערערד,
און פאַרצערט די ערד מיט איר פרוכט,
און צעפלאַמט די גרונדפעסטן פון די בערג!
איך וועל אויסלאָזן אויף זיי אַלדאָס־בייז,
אַלע מיינע פיילן וועל איך פאַרלענדן אויף זיי:
פאַרדאַרטע פון הונגער, און פאַרצערטע פון היץ
און פון ביטערער פעסט;
און חיות־ציין וועל איך אויף זיי אָנשיקן,
מיט גיפט פון די שטויבקריכערס (שלאַנגען);
אינדרויסן וועט די שווערד פאַרטיליקן,
און אין די חדרים — די טויט פאָרכט,
אי דעם בחור, פאַרטיליקן, אי דאָס מיידל,
דאָס זויגנדיקע קינד מיטן גרייזגרויען מאַן!

איך וואָלט געזאָגט:
איך וועל זיי פאַרלענדן,
איך וועל פאַרטיליקן פון מענטשן זייער זכר, —
ווען איך פאָרכט ניט פאַרן שונא'ס כעס,
זייערע פיינט זאָלן ניט פאַרפרעמדן די אורזאַך:
זיי זאָלן ניט זאָגן: "אונזער האַנט איז דערהויבן,
און ניט גאָט האָט דאָס אַלצדינג געטאָן!"
וואָרים אַ פאָלק אָן באַראָט זיינען זיי,
און ניטאָ קיין פאַרשטאַנדיגקייט אין זיי.
ווען זיי וואָלטן קלוג געווען, די שונאים,
וואָלטן זיי די אורזאַך געקאָנט פאַרשטיין,
וואָלטן זיי באַטראַכט זייער סוף:
ווי קאָן דען איינער פון זיי יאָגן טויזנט אידן?
און צוויי פון זיי — פאַרטרייבן צענטויזנט?
ווען ניט וואָס זייער שטאַרקער האָט זיי איבערגעגעבן,
און דער אייביקער האָט זיי איבערגעענטפערט?
וואָרים ניט ווי אונזער גאָט איז זייער גאָט,
און דאָך זיינען אונזערע פיינט די באַשטראָפער!
(איז דאָס דאָך נאָר די שטראָף פון אונזער גאָט,
און ניט דאָס פאַרדינסט פון די שונאים...)
וואָרים פון וויינשטאָק פון סדום (פאַרדאָרבן און שלעכט)
איז די שונאים'ס וויינשטאָק,
און פון די פעלדער פון עמורה!
זייערע טרויבן זיינען גיפט-טרויבן,
הענגלאַך פון ביטערן סם האָבן זיי;
שלאַנגען-שוים איז זייער וויין,
און אומדערבאַרימדיקער גיפט פון פיפערנאָטערס!

דאָס אַלצדינג איז באַהאַלטן ביי מיר,<br>
פאַר'חתמ'עט אין מיינע אוצרות פון זכרונות!<br>
(און נאָר אַלס שטראָף־שלוחים זיינען זיי געשיקט)<br>
אָבער איך האַלט נקמה און באַצאָלונג,<br>
צו דער צייט װעט זייער פוס זיך אויסגליטשן!<br>
וואָרים נאָענט איז דער טאָג פון זייער בראָך,<br>
און ער וועט איילן צו ברייגגען די שטראָף<br>
וואָס איז אָנגעברייט פאַר זיי!<br>
וואָרים גאָט וועט משפט'ן פאַר זיין פאָלק,<br>
און אויף זיינע קנעכט וועט ער זיך דערבאַרימען,<br>
ווען ער וועט זען, אַז אויסגעלאָזט איז די קראַפט,<br>
און ניטאָ קיין אָפּגעהאַלטענער, און קיין געהאָלפענער, —<br>
און דער שונא וועט דאַמאָלט זאָגן:<br>
וואו איז זייער גאָט, דער שטאַרקער,<br>
וואָס זיי האָבן זיך געשיצט אין אים?<br>
יענער גאָט, וואָס האָט געגעסן דאָס פעטס<br>
פון זייערע שלאַכטאָפּפער,<br>
און געטרונקען דעם ווייַן<br>
פון זייערע גיסאָפּפער?<br>
זאָל ער אויפשטיין און אייך העלפן!<br>
זאָל ער אייך איצט אַ באַשיצונג זיין!<br>
(וועט זיי גאָט ווייזן דאַמאָלט):<br>
זעט אַצינד, אַז איך, איך בין דאָס אַליין,<br>
און ניטאָ קיין אַנדער גאָט מיט מיר!<br>
איך טייט און מאַך לעבעדיק,<br>
איך פאַרוואונד און איך הייל,<br>
און קיינער קאָן ניט מציל זיין פון מיין האַנט!

וואָרים אין הויב מיין האַנט צום הימל,
און זאָג: אַזוי ווי איך לעב אייביק,
אַז איך וועל שאַרפן דעם בליץ פון מיין שווערד,
און מיין האַנט וועט דעם משפט אָנהאַלטן,
וועל איך אומקערן נקמה צו מיינע פיינט,
און מיינע שונאים וועל איך באַצאָלן!
איך וועל מיינע פיילן אָנשיכור'ן מיט בלוט,
און מיין שווערד וועט זיך אָנעסן מיט פלייש, —
מיטן בלוט פון דערשלאָגענע און געפאַנגענע,
און מיטן פלייש פונם פיינט'ס צעשויבערטע קעפּ!
באַזינגט, איר פעלקער, גאָט'ס פאָלק,
וואָרים פאַרן בלוט פון זיינע קנעכט
וועט ער זיך נוקם זיין,
און נקמה וועט ער אומקערן צו זיינע שונאים,
און פאַרגיטיקן וועט ער
זיין לאַנד און פאָלק!

*    *    *    *

און משה איז געקומען און האָט גערעדט אַלע ווערטער פון דער־דאָזיקער שירה אין די אויערן פון פאָלק, ער און יהושע בן־נון.

און ווי ער האָט געענדיקט, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— לייגט צו אייער האַרץ צו די אַלע ווערטער, וואָס איך זאָג אייך היינט אָן, אַז איר זאָלט זיי באַפעלן צו אייערע קינדער, צו אָפּהיטן און צו טאָן אַלע געבאָט פון דערדאָזיקער תורה. וואָרים דאָס איז ניט בלויז קיין פּוסטע רייד פאַר אייך, נאָר דאָס איז אייער לעבן, און דורך דערדאָזיקער זאַך וועט איר מאריך־ימים זיין אין דעם לאַנד, וואוהין איר גייט אַריבער צו ירש'ענען עס!

*    *    *    *

## משה גייט אַרויף אויפֿן באַרג נבו

און גאָט האָט גערעדט צו משה׳ן אין דעמדאָזיקן זעלבן טאָג, אַזוי צו זאָגן:

— גיי אַרויף אויף דעמדאָזיקן באַרג עברים, דעם באַרג נבו, וואָס אין לאַנד מואָב, וואָס איז אַקעגן יריחו, און קוק אָן דאָס לאַנד כנען, וואָס איך גיב צו די אידן פאַר אַן אייגנטום. און שטאַרב אויף דעם באַרג וואָס דו גייסט אַרויף אַהין, און "ווער איינגעזאַמלט צו דיין פאָלק", אַזוי ווי דיין ברודער אהרן איז געשטאָרבן אויפֿן באַרג הור, און איז איינגעזאַמלט געוואָרן צו זיין פאָלק.

דערפאַר וואָס איר האָט געפעלשט אין מיר צווישן די אידן ביים וואַסער פון מריבת־קדש, אין מדבר צין.

דערפאַר וואָס איר האָט מיך ניט געהייליקט צווישן די אידן.

נאָר פון דער וויטן וועסטו זען דאָס לאַנד, כנען, אָבער אַריינ־קומען אַהין, אין דעם לאַנד, וואָס איך גיב צו די אידן, וועסטו ניט!

—————::—————

# מעשיות און לעגענדעס

## 1.

## די צוויי אייביקע עדות

נאָכדעם ווי משה האָט אויסגעשטראָפט די אידן און האָט זיי געגעבן דאָס לעצטע וואָרענונג, האָט ער אויפגעהויבן זיינע הענט און איבערגעפירט מיט זיי איבער די קעפ פון גאַנצן פאָלק, ווי גלייך ער וואָלט אַלע געוואָלט אַרומנעמען און מיט ליבע צודריקן צום האַרצן, און ער האָט געזאָגט:

— מיינע טייערע קינדער! ווען גאָט האָט אייך געגעבן די תורה, זיינט איר אַלע געשטאַנען אויף דער ערד, און אַלע האָט איר געהערט גאָט'ס שטימע פונם הימל!

און איצט, אַז גאָט האָט מיר געהייסן, אַז איך זאָל אויפשרייבן די שירה און זי איינלערנען און אַריינלייגן אין אייער מויל, וועלן הימל און ערד זיין די עדות צווישן אייך און אייער גאָט:

אויב איר וועט די תורה היטן און לערנען זי און לעבן לויט אירע געבאָט, וועלן הימל און ערד אייך געבן זייער ברכה, — דער טוי פון הימל און דאָס פעטקייט פון דער ערד;

אויב אָבער איר וועט ניט טאָן, וואָס די תורה האָט אייך באַ-פוילן, וועלן אייך הימל און ערד געבן זייער קללה, — דער הימל וועט קיין רעגן ניט געבן און די ערד וועט קיין פרוכט ניט געבן;

דאָס זיינען צוויי אייביקע עדות, וואָס קיינער קאָן זיי ניט איבער-לעבן און קיינער קאָן זיי ניט אָפּלייקענען!

* * * *

2.

## די תורה איז ווי רעגן און טוי

די אידן האָבן געפרעגט משה'ן:

— זאָג אונז, טייערער לערער, פאַרוואָס האָסטו פאַרגליכט דיינע רייד גראָד צו רעגן און טוי, און ניט צו עפּיס אַנדערש?

האָט משה זיי געענטפערט:

— מיינע ליבע קינדער! פּונקט אַזוי ווי רעגן און טוי מאַכן וואַקסן די גראָזן און בוימער און האַלטן זיי שטענדיק פריש און לעבעדיק, — אַזוי וועלן די רייד פון דער תורה אייך תמיד מאַכן וואַקסן און אייך האַלטן פריש און לעבעדיק! די תורה איז אייער לעבן און אייער אַריכת־ימים!

"כי הוא חייך ואורך ימיך"!...

* * * *

3.

## דער מענטש און די צוועלף מזלות

די צוועלף חדשים פונם יאָר האָבן צוועלף מזלות, אַ מזל פאַר יעדן חודש.

**ניסן** — איז מזל "טלה" (אַ לעמעלע). **אייר** — איז מזל "שור" (אַן אָקס). **סיון** — איז מזל "תאומים" (אַ צווילינג). **תמוז** — איז מזל "סרטן" (אַ קרעב, ראַק). **אָב** — איז מזל "אריה" (אַ לייב). **אלול** — איז מזל "בתולה" (אַ יונגפרוי). **תשרי** — איז מזל "מאזנים" (אַ וואָגשאָל, סקעיל). **חשוון** — איז מזל "עקרב" (אַ סקאָרפּיאָן, גיפטיקער שרץ). **כסליו** — איז מזל "קשת" (פייל־און־בויגן, באָו ענד ערראָו). **טבת** — איז מזל "גדי" (אַ ציגעלע, גאָאט). **שבט** — איז מזל "דלי" (אַן עמער, פּעיל). **אדר** — איז מזל "דגים" (פיש).

האָבן די חכמים אויסגעטייטשט אַזוי:

דער מענטש גייט איבער אין זיין לעבן אַלע צוועלף מזלות. ער ווערט געבוירן שוואַך ווי אַ "לעמעלע". ער ווערט נאָכדעם שטאַרק ווי אַן "אָקס". און ס'ווערט ביי אים אין האַרצן געבוירן אַ "צווילינג", דער יצר-טוב און דער יצר-הרע, אַמאָל איז ער שוואַך אַקעגן יצר-הרע ווי אַ "קרעב", און אַמאָל שטאַרקט ער זיך מיטן כח פון יצר-טוב ווי אַ "לייב". ווען ער זינדיקט און גיט נאָך דער תאווה (טעמפּטיישאָן), וואָס איז געגליכן צו אַ "יונגפרוי", דאַמאָלט וועגט מען אים אויף אַ "וואָגשאָל", איז אויב ער זינדיקט ווייטער, פאַלט ער אריין אין אָפּ-גרונט אַ פאַרגיפּטעטער ווי אַ "סקאָרפּיאָן", און אויב ער טוט תשובה, ווערט ער דערהויבן ווי אַ "פייל-פון-בויגן", און ער ווערט ריין ווי אַ "ציגעלע", און אָפּגעוואַשן ווי מיט וואַסער פון אַן "עמער", און ער לעבט זיין לעבן מיט פרייד און פאַרגעניגן ווי די "פיש" אין ים!...

* * * *

4.

## תורה און רעגן

"יערוף כמטר לקחי" — עס זאָל טריפן ווי רעגן מיין לערע!

פאַרוואָס ווערט די תורה געגליכן צו רעגן?

אַזוי ווי רעגן רייבט אוים אַפילו אַ שטיין, ווען ער פאַלט אויף אים אַ לאַנגע צייט, אַזוי קאָן אויך די תורה רירן אַפילו אַ האַרץ פון שטיין, ווען מ'לערנט זי אַ לאַנגע צייט!...

**אַזוי ווי אַן רעגן קאָן די וועלט ניט עקזיסטירן, אַזוי קאָן זי אויך אָן תורה ניט עקזיסטירן!...**

אַזוי ווי דער רעגן פאַלט טראָפּנס-ווייז, און ס'ווערט נאָכדעם אַסך וואַסער, אַזוי אויך די תורה לערנט מען צו ביסלאַך, און מ'ווערט נאָכ-דעם פול מיט חכמה און גוטסקייט!...

——:: ——

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באַנוצט אין אידיש)

**האזינו השמים ואדברה** (פאַרנעמט, איר הימלען, און איך וועל רעדן).

**כי כל דרכיו משפט** (ווייל מיט גערעכטיגקייט זיינען אַלע זיינע וועגן).

**זכור ימות עולם** (געדענק די טעג פון פאַרצייטן).

**שאל אָביך ויגדך** (פרעג דיין פאָטער און ער וועט דיר דערציילן).

**זקניך ויאמרו לך** (פרעג דיינע זיידעס און זיי וועלן דיר זאָגן).

**וישמן ישורון ויבעט** (און ישראל איז פעט געוואָרן און האָט געבריקעט).

**כי הוא חייכם** (דער אינהאַלט פון דער תורה איז אייער לעבן).

—— : : ——

סדרה

# וזאת הברכה

(און דאָס איז דאָס בענטשונג)

און דאָס איז די ברכה (בענטשונג), וואָס משה, דער גאָטליכער מאַן, האָט געבענטשט די אידן פאַר זיין טויט.

און ער האָט געזאָגט:

* * * *

## אַ לויב צו די אידן

גאָט איז פון סיני געקומען,
און פון שעיר צו זיי אויפגעשיינט;
ער האָט פון באַרג פאָרן אויפגעלויכטן,
און מיט אים האָט אויפגעלויכטן
פון די צענטויזנטער הייליגקייטן,
אין זיין רעכטער האַנט, אַ פייערדיק געזעץ פאַר זיי!
ער האָט אויך ליב אַלע פעלקער;
אָבער אַלע זיינע הייליגקייטן
האָט ער געגעבן נאָר אין דיינע הענט,
און זיי זיינען געבליבן ליגן צו דיינע פיס!
גאָט האָט אויפגענומען דיינע רייד:

„אַ תורה האָט אונז משה באַפוילן,
אַ ירושה פאַר'ן איינזאַמלונג פון יעקב!"
איז ער געוואָרן דער מלך אין ישראל,
ווען עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אינאיינעם
די עלטסטע פון פאָלק, די שבטים פון ישראל!

* * * *

## ברכות פאַר איטלאַכן שבט

### — ראובן —

לעבן זאָל ראובן און ניט שטאַרבן,
און זיינע מענטשן זאָלן ניט זיין ווייניק אין צאָל!

(ווייל פונם ערשטן פאָלק-ציילונג ביזן צווייטן איז שבט ראובן געוואָרן קלענער אין צאָל).

### — יהודה —

און דאָס איז וועגן יהודה:
הער צו, גאָט, צום קול פון יהודה,
(ווען ער בעט צו דיר, גייענדיק אין מלחמה)
און צו זיין פאָלק זאָלסטו אים ברייננגען
(צוריק בשלום נאָך דעם קריג);
זיינע אייגענע הענט זאָלן פאַר אים שטרייטן
און אַ הילף פון זיינע פיינט זאָלסטו אים זיין!

(יהודה איז געווען דער הויפט פון אַלע שבטים, און אין אַלע מלחמות איז ער געגאַנגען פאָראויס זיי).

## — לוי —

און ווענן לוי האָט ער געזאָגט:
דיינע אורים־ותומים האָסטו געגעבן
צו דיין פרומען מאַן (צו אהרנ׳ען),
וואָס דו האָסט אים געפּרואווט אין מסה
(שבט לוי האָט דאָרטן ניט געקריגט אויף גאָט);
הגם האָסט אים געשטראָפט פאַרן וואַסער פון מריבה,
(אַז ער זאָל דעם ירדן ניט אַריבערגיין),
אָבער דער שבט וואָס האָט געזאָגט
אויף זיין פאָטער און מוטער: איך קוק ניט אויף זיי!
און האָט זיינע ברידער ניט געוואָלט דערקענען;
און זיינע אייגענע קינדער ניט געוואָלט וויסן,
(און געטייט אַלע אייגענע פאַר די זינד פון עגל)
וואָרים זיי האָבן געהיט דיין וואָרט,
און דיין בונד האָבן זיי געהאַלטן שטאַרק, —
דערום וועלן זיי לערנען דיינע געזעצן צו יעקב,
און דיין תורה — צו ישראל;
זיי וועלן רויכערן די קטורת אין דיין נאָז,
און ברייננען קרבן־עולות אויף דיין מזבח.
בענטש, גאָט זיין קראַפט,
און דאָס טואונג פון זיינע הענט זאָלסטו באַוויליקן!
פאַרוואונד די לענדן פון זיינע פיינט,
און זיינע שונאים זאָלן ניט קאָנען אויפשטיין!

(פון שבט לוי זיינען געקומען די לוויים און אויך די כהנים, גאָט׳ס באַדינער).

---

## — בנימין —

וועגן בנימין האָט ער געזאָגט:
דער באַליבטער פון גאָט,
ער וועט רוען אין זיכערקייט ביי אים;
ער וועט אים באַשיצן אַ גאַנצן טאָג,
און צווישן זיינע אַקסלען וועט ער רוען!

(די שטעט גבעון און בית-אל, אין בנימין׳ס נחלה, זיינען געווען הייליקע ערטער. אויך דאָס בית-המקדש איז געבויעט געוואָרן אין זיין נחלה אין ירושלים).

---

## — יוסף —

און וועגן יוסף האָט ער געזאָגט:
געבענטשט פון גאָט זאָל זיין לאַנד זיין,
מיטן בעסטן פונם הימל: מיט טוי,
און מיטן תהום וואָס הויערט אונטן: (מיט קוואַלן),
און מיט בעסטע פרוכטן, רייפע פון זון,
און מיט בעסטע געוויקסן, רייפע פון לבנה,
און מיט בעסטע פרוכטן פון די אַלטע בערג,
און מיט די בעסטע פרוכטן פון די אייביקע הויכן,
און מיט די בעסטע פרוכטן פון פלאַכער ערד,
און אַלדאָס גוטס וואָס פילט איר אָן,
און געבענטשט מיטן גוטן ווילן פון גאָט
וואָס האָט אין דאָרן גערוט, —
זאָל דאָס אַלץ קומען אויף יוסף׳ס קאָפּ,
אויפן שפּיץ-קאָפּ פונם געקרוינטן צווישן זיינע ברידער.
זיין ערשטגעבאָרענער אָקס, — ער האָט פּראַכט
(אפרים, וועמען יעקב האָט געשטעלט פריער פון מנשה׳ן)
און הערנער פון אַ ווילדער זיינען זיינע הערנער;

מיט זיי וועט ער שטויסן די פעלקער אַלע צוזאַמען
אין אַלע עקן פון דער וועלט; —
אַזוי וועלן זיין די צענטויזנטער פון אפרים,
און אַזוי די טויזנטער פון מנשה!

(די נחלה פון אפרים איז געווען די פרוכטבאַרסטע פון אַלע, קוואַלן וואַסער אין טאָלן און אויף בערג; אויך איז יהושע אַרויסגעקומען פון אפרים, און אין זיין חלק, אין שילה, איז די ערשטע צייט געשטאַנען דער משכן און דער אָרון מיט אַלע הייליגקייטן).

---

## — זבולון און יששכר —

און ווען זבולון האָט ער געזאָגט:
פריי זיך, זבולון, ביי דיין אַרויסגיין
(מיט די האַנדל-שיפן אויף די ימים),,
און יששכר, פריי זיך אין דיינע געצעלטן
(מיט דיינע פיל סטאַדעס גוטע פי);
זיי וועלן רופן פעלקער צום באַרג (כרמל),
דאָרט וועלן זיי שעכטן גערעכטיגקייט-קרבנות
(און מאַכן סעודות צו לויבן גאָט),
וואָרים די שפע פון ימים וועלן זיי זויגן,
און די פאַרבאָרגענע אוצרות פון זאַמד!

(יששכר און זבולון ווערן תמיד דערמאָנט אינאיינעם. זבולון האָט זיך פאַרנעמען מיט מסחר, און יששכר — מיט פי-צוכט. די לעגענדע דערציילט, אַז זיי ביידע האָבן געמאַכט שותפות: זבולון זאָל האַנדלען און יששכר זאָל לערנען תורה. ביידע זיינען געווען רייך

און אַלע שבטים און פריינטליכע פעלקער פלעגן קומען צו זיי אויף סעודות. זבולון איז אויך רייך געוואָרן פונם פאַרקויף פון זיין ווייסער זאַמד צו מאַכן דערפון גלאָז).

— גד —

און וועגן גד האָט ער געזאָגט:
געלויבט דער וואָס דערברייטערט גד'ס נחלה!
אַזוי ווי אַ לייבינטע רוט ער אין זיכערקייט,
און פאַרצוקט דעם אָרעם און דעם שפּיץ-קאָפּ (פון שונא),
און ער האָט אויסגעקוקט דאָס ערשטע פאַר זיך,
(דעם בעסטן חלק אין עבר הירדן),
ווייל דאָרטן איז אויך דער חלק
פונם געזעצגעבער באַהאַלטן!
אָבער ער איז געקומען פאָראויס פאַרן פאָלק,
(צו מלחמה האַלטן פאַר די איבעריקע שבטים)
דאָס גערעכטיגקייט פון גאָט האָט ער געטאָן,
און זיינע משפטים האָט ער געטאָן
אינאיינעם מיט גאַנץ ישראל!

(שבט גד איז געווען זייער שטאַרק, און ער איז אין אַלע מלחמות געגאַנגען פאָראויס צו שלאָגן דעם שונא. אין זיין חלק ליגט באַהאַלטן משה רבינו).

— דן —

און וועגן דן האָט ער געזאָגט:
דן איז ווי אַ יונגער לייב,
וואָס שפּרינגט אַרויס פון בשן!

(אַ וואָרט-שפּיל: דן איז אויך געווען שטאַרק, און ער

האָט מלחמה געהאַלטן איבער אַ שטאָט לעבן בשן,
וואָס זי האָט געהייסן "ליש". און ליש מיינט אַ "לייב"
אין העברעאיש...)

---

## — נפתלי —

און וועגן נפתלי האָט ער געזאָגט:
נפתלי וועט זיין זאַט מיטן גוטן ווילן
און פול מיט דער ברכה פון גאָט.
דעם ים און דעם דרום וועט ער ירש'ענען!

(נפתלי'ס חלק איז געווען דאָס פרוכטבאַרע לאַנד לעבן
דעם ים כנרת).

---

## — אָשר —

און וועגן אָשר האָט ער געזאָגט:
געבענטשטער פון אַלע זין זאָל זיין אָשר!
באַליבט וועט ער זיין ביי זיינע ברידער,
און וועט באָדן אין אייל זיין פוס!
אייזן און קופּער דיינע ריגלען
(באַשיצט פון פיינט אַרום)
און דיין שפע אויף אַלע דיינע טעג!

(אָשר'ס חלק איז דער פעטסטער מיט בוימלען. אויך
פיל מינען פון אייזן און קופּער).

* * * *

## סוף פון דער ברכה

ניטאָ מער אַזאַ ווי גאָט, ישראל,
וואָס רייט אויף די הימלען,
און מיט זיין גרויסקייט איבער די וואָלקנס, —
ער איז דיר תמיד צו הילף!
אַ באַשיצונג איז דער אייביקער גאָט,
און אייביקע אָרעמס איז ער דיר פון אונטן,
און ער פאַרטרייבט פון פאַר דיר דעם פיינט,
און ער זאָגט עס: פאַרטיליק דעם שונא!
און ישראל רוט אין זיכערקייט,
אָפּגעזונדערט רוט דער קוואַל פון יעקב,
אין אַ לאַנד פון תבואה און וויין,
אויך זיינע הימלען טריפן טוי!
וואויל דיר, ישראל, ווער איז נאָך ווי דו
אַ פאָלק געהאָלפן דורך גאָט,
די שילד פון דיין הילף,
און די שווערד פון דיין גרויסקייט!
און דיינע פיינט וועלן פאַרלייקענען פאַר דיר
(די שנאה פון זייער הארצן), —
און דו וועסט אויף זייערע הויכן טרעטן!

* * * *

# משה׳ס טויט

און משה איז אַרויפגעגאַנגען פון די פּלוינען פון מואָב צום באַרג נבו, אויפן שפּיץ פּסגה, וואָס אַקעגן יריחו. און גאָט האָט אים געוויזן דאָס גאַנצע לאַנד: גלעד ביז דן (דעם גאַנצן עבר הירדן, אין מזרח זייט); און גאַנץ נפתלי (דעם אויבערשטן גליל, אין צפון זייט); און דאָס לאַנד אפרים און מנשה (דעם מיטלסטן טייל פון ארץ ישראל, אין דרום זייט); און דאָס גאַנצע לאַנד יהודה ביזן הינטערשטן ים (דעם דרום-טייל פון לאַנד ביזן מיטללענדישן ים, אין מערב זייט); און דעם דרום, און דעם ירדן-געגנט (פונם ים כנרת ביזן ים המלח); דעם טאָל פון יריחו, די שטאָט פון טייטלבוימער, ביז צוער.

און גאָט האָט צו אים געזאָגט:

— דאָס איז דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו אברהמ׳ען, צו יצחק׳ן און צו יעקב׳ן, אַזוי צו זאָגן: צו דיינע קינדער וועל איך עס געבן! — איך האָב דיך געמאַכט זען עס מיט דיינע אויגן, אָבער אַריבערגיין אַהין וועסטו ניט!

און משה, דער קנעכט פון גאָט, איז דאָרטן געשטאָרבן, אין לאַנד מואָב, לויט דעם באַפעל פון גאָט. און מע האָט אים באַגראָבן אין טאָל, אַקעגן בית-פעור.

און קיין מענטש ווייסט ניט זיין קבר ביז אויף היינטיקן טאָג!

און משה איז אַלט געווען הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן; זיין אויג איז ניט טונקל געוואָרן, און זיין פרישקייט איז פון אים ניט אַנטרונען.

און די בני-ישראל האָבן באַוויינט משה׳ן אין די פּלוינען פון מואָב דרייסיק טעג.

און עס האָבן זיך געענדיקט די טעג פון געוויין און טרויער נאָך משה׳ן, און יהושע בן-נון איז געווען פול מיט דעם גייסט פון חכמה,

ווייל משה האָט אָנגעלענט אויף אים זיינע הענט, — און די בני־ישראל האָבן זיך צו אים צוגעהערט און האָבן געטאָן אַזוי ווי גאָט האָט באַפוילן משה'ן.

* * * *

## משה — דער גרעסטער נביא

און עס איז ניט אויפגעשטאַנען אין ישראל נאָך אַזאַ נביא ווי משה, וואָס גאָט האָט זיך צו אים געלאָזט דערקענען פנים אל פנים, לויט אַלע צייכנס און וואונדער, וואָס גאָט האָט געשיקט צו טאָן אין לאַנד מצרים צו פרעה'ן און צו אַלע זיינע קנעכט און צו זיין גאַנצן לאַנד; און לויט דער גאַנצער שטאַרקער האַנט, און לויט דער גאַנץ גרויסער מורא (שרעקליך גרויסע זאַכן), וואָס משה האָט געטאָן פאַר די אויגן פון גאַנץ ישראל!

---

## חזק, חזק ונתחזק!!!

———:·:———

# מעשיות און לעגענדעס

1.

## משה׳ס נשמה

גאָט האָט אַראָפּגעגנידערט פון אויבן, און מיט אים דריי מלאָכים. איין מלאָך האָט אויסגעבעט דאָס בעט פאַר משה׳ן, און צוויי מלאָכים האָבן זיך אַוועקגעשטעלט איןביידע זייטן.

האָט גאָט געזאָגט צו אים:

— משה, מיין באַגלויבטער קנעכט, גיי אַרויף און לעג זיך אויפן בעט!

האָט משה זיך אַוועקגעלעגט.

— שליס צו דיינע אויגן!

האָט משה צוגעמאַכט זיינע אויגן.

— לעג אַרויף דיינע הענט אויף דיין ברוסט! צי אוים דיינע פיס!

האָט משה אַזוי געטאָן.

האָט זיך גאָט אָנגערופן צו משה׳ס נשמה:

— טאָכטער מיינע! הונדערט און צוואַנציק יאָר האָב איך דיר באַשטימט אויפצוהאַלטן זיך אין משה׳ס הייליקן קערפּער; אָבער איצט איז געקומען די צייט דעמדאָזיקן קערפּער צו פאַרלאָזן!

האָט די נשמה זיך אָנגעהויבן בעטן ביי גאָט:

— רבונו־של־עולם! האַר פון אַלע גייסטער! וואו וועל איך אַהינקומען? וואו וועל איך קאָנען קריגן נאָך אַזאַ הייליק וואוינונג פאַר זיך?...

האָט גאָט איר געענטפערט:

— כ׳וועל דיך נעמען און אַוועקזעצן לעבן די מלאָכים און כרובים!

האָט די נשמה ווידער געזאָגט:

— אָבער משה, וואָס איז געווען געבוירן פון אַ פרוי (ילוד אשה), איז געווען הייליקער אַפילו פון די מלאָכים!

האָט גאָט געענטפערט:

— ווייס! אַ מענטש, אַפילו דער הייליקסטער, טאָר אייביק ניט לעבן, כדי אַנדערע מענטשן זאָלן אים פאַר קיין גאָט ניט מאַכן! "אָדם יסודו מעפר וסופו לעפר", אַפילו אַזאַ מענטש ווי משה! און דערום וועט קיינער ניט וויסן אַפילו וואו זיין קבר וועט זיין!

גאָט האָט משה׳ן אַ קוש געגעבן. די נשמה איז אַוועק צום כסא הכבוד.

* * * *

2.

## די הספדים נאָך משה׳ן

דער הימל האָט זיך איינגעוויקלט אין טרויער. די זון, די לבנה און די שטערן זיינען טונקל געוואָרן. די ערד איז פאַרדעקט געוואָרן מיט אַ פינצטערן שלייער. און אַלע האָבן געקלאָגט:

— פאַרלאָרן געוואָרן דער פרומער פון דער וועלט; דער רעכט־פאַרטיקער צווישן אַלע מענטשן איז שוין ניטאָ!...

יהושע האָט צעריסן זיינע קליידער און האָט אויסגעבראָכן אין געוויין:

— גאָט! יתומים זיינען מיר געבליבן; דער לערער אונזערער איז שוין מער ניטאָ צווישן אונז!...

די אידן האָבן דערהערט וועגן משה'ס טויט, און זיי האָבן אַלע אָנגעהויבן צו יאָמערן און צו קלאָגן:

— ווער וועט אונז פירן? ווער וועט אונז לערנען? ווער וועט אונז באַשיצן? און ווער וועט אונז לאָזן הערן גאָט'ס וואָרט?...

און דער רוח-הקודש האָט אויסגערופן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן:

— ניט געווען נאָך אַזאַ נביא ווי משה, און עס וועט ניט זיין!...

## העברעאישע אויסדרוקן פון חומש

(וועלכע מע באנוצט אין אידיש)

**וזאת הברכה** (און דאָס איז דאָס בענטשונג).

**תורה צוה לנו משה** (אַ תורה האָט אונז משה אָנגעזאָגט).

**מורשה קהלת יעקב** (אַ ירושה פאַרן איינזאַמלונג פון יעקב).

**מלא רוח חכמה** (פול מיט דעם גייסט פון קלוגשאַפט).

**ולא קם נביא עוד בישראל כמשה** (און עס איז ניט אויפגע־שטאַנען נאָך אַזאַ נביא אין ישראל אַזוי ווי משה).

**פנים אל פנים** (געזיכט צו געזיכט ; איינס אַקעגן אַנדערן).

**לעיני כל ישראל** (פאַר די אויגן פון גאַנץ ישראל).

—————: :—————